צווייטע אויפלאַגע.

קנוט האַמסון.

---

# פאַן

פון לייטענאַנט טהאָמאַס גלאַהן׳ס פאפירען.

---

איבערזעצט פון א. פרומקין.

---

אַרויסגעגעבען פון ל. פרידמאַן.

לאָנדאָן, 1910.

גערדרוקט ביי י. נאראָדיצקי, 48 מייל ענד רויד, לאָנדאָן, איסט.

# I.

די לעצטע טעג האָב איך אַלץ כסדר געטראַכט און ווידער געטראַכט מכח דעם אייביגען זומער־טאָג אין צפון־לאַנד. איך זיץ דאָ און קלעהר וועגען איהם, און וועגען אַ שטיבעל, וואו איך האָב געוואוינט, און מכח דעם וואַלד הינטערן שטיבעל, און אַצונד נעהם איך זיך דערצו און שרייב וואָס אָן פון מיין אייגענעם פערגניגען וועגען, און כדי מיר די צייט צו פערטרייבען. די צייט ווערט מיר זעהר לאַנג, און זי נעהמט ניט אַריבער אַזוי שנעל ווי איך וואָלט עס געוואָלט, כאָטש איך האָב קיין שום זאָרג ניט, כאָטש איך פיהר דאָס לוסטיגסטע לעבען. איך בין מיט אַלצדינג צופריעדען, און די דרייסיג יאָהר מיינע זיינען נאָך קיין עלטער ניט; מיט אַ פאָר טעג צוריק האָב איך געקראָגען צוגעשיקט פון העט ווייט אַ פאָר פויגעל־פעדערן, פון אימיצען, וועלכער איז זיי מיר ניט שולדיג געווען, צוויי גרינע פעדערן אין אַ בריעף־בויגען מיט אַ קרוין דערויף און פערזיגעלט מיט אַ פלאַכען זיגעל. ס'האָט מיר שטאַרק הנאה געטהאָן צו זעהן אַזעלכע צוויי פער'כשוף'ט גרינע פויגעל־פעדערן. און ווייטער האָב איך ניט קיין שום אַנדער פלאָג, אַחוץ ווען ניט ווען אַ קליינעם ווייטאָג אין מיין לינקען פוס; דאָס נעהמט זיך פון אַן אַלטער שאָס־וואונד, וועלכע איז שוין לאַנג פערהיילט.

איך ווייס נאָך דערצו, אַז פאַר צוויי יאָהרען איז די צייט זעהר שנעל פערביי, גאָר ניט דער ערך שנעלער איידער איצט; אַ זומער איז אַריבער, נאָך איידער איך האָב זיך אומגעקוקט. דאָס איז געווען פאַר צוויי יאָהרען, 1855; איך וויל עס בעשרייבען פון מיין אייגענעם פערגניגען וועגען; דעמאָלט האָט מיט מיר פאַסירט וואָס עס איז,

אָדער ס׳האָט זיך מיר גאָר גע׳חלום׳ט. איצט האָב איך שוין פֿערגעסען פֿיעל פֿון דעם, וואָס געהערט צו יענע געשעהענישען, וואָרים פֿון דעמאָלט אָן האָב איך כמעט גאָר ניט געטראַכט דערפֿון; נאָר איין זאַך ווייס איך נאָך, אַז די נעכט זיינען זעהר ליכטיג געווען. אַ טהייל זאַכען זיינען מיר אויך פֿאָרגעקומען עפּעס אַזוי פֿערדרעהט, דאָס יאָהר האָט געהאַט צוועלף חדשים, נאָר די נאַכט איז געווען טאָג, און קיינמאָל האָט מען קיין שטערען ניט געקראָגען צו זעהן אויף׳ן הימעל. און די מענשען, מיט וועמען איך בין זיך צונויפֿגעקו־מען, זיינען געווען עפּעס מאָדנע און פֿון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט איי־דער די, וועלכע איך האָב פֿון פֿריהער געקענט; צייטענווייז איז גע־נוג געווען איין נאַכט, זיי זאָלען ווערן צייטיג און דערוואַקסען און ענטוויקעלט אין זייער גאַנצער הערליכקייט. דערביי איז ניט געווען קיין שום כשוף, נאָר איך האָב עס פֿאַר דעם קיינמאָל ניט געזעהן. ניין.

אין אַ גרויסען, וויים-געקאַלכטען הויז אונטען ביים ים האָב איך געטראָפֿען אַ פערזאָן, וועלכע האָט אַ שטיקעל צייט בעשעפֿטיגט מיין מוח. איך טראַכט שוין מעהר ניט וועגען איהר, איצט ניט מעהר, ניין, איך האָב זי אין גאַנצען פֿערגעסען; דערפֿאַר דיינק איך וועגען אַלעם אַנדערע, מכח דעם געשריי פֿון די ים-פֿייגעל, מכח מיין יאַגד אין די וועלדער, וועגען מיינע נעכט, וועגען אַלע וואַרעמע שטונדען פֿון׳ם זומער. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך זיך מיט איהר בעקאַנט דורך אַ ריינעם צופֿאַל, און אָהן דעם דאָזיגען צופֿאַל וואָלט זי מיר קיין איין איינציגען טאָג ניט געלעגען אין זינען.

פֿון מיין שטיבעל אַרוים האָב איך געקענט זעהן אַ מיש-מאַש פֿון אינזלען און אינזעלאַך און פֿעלזען, אַ שטיק ים, אַ פּאָר בלויליכע פֿעלז-שפּיצען, און הינטערן שטיבעל איז געלעגען דער וואַלד, אַן אונגעהייער גרויסער וואַלד. מיט פֿרייד און דאַנק פֿלעגט מיין נשמה פֿול ווערן ביים ריח פֿון די וואָרצלען און די בלעטער, פֿון׳ם פֿעטען דאַמפּף פֿון די סאָסנעס, וואָס דערמאָנט אָן דעם ריח פֿון מאַרך; ערשט אין וואַלד פֿלעגט אַלעס רוהיג ווערן ביי מיר אי־נעווייניג, מיין זעעלע פֿלעגט זיך אויסגלייכען און פֿול ווערן מיט מאַכט. טאָג פֿאַר טאָג פֿלעג איך אַרויפֿגעהן אויף די הויכע בערג, באָטש די העלפֿט פֿון דער ערד איז נאָך געווען בעדעקט מיט אייז

און מיט ווייבען שנעע. מיין איינציגער חבר איז געווען עזאָפּ; אַצונד האָב איך קאָראַ'ן, נאָר דערמאָלט האָב איך געהאַט עזאָפּ'ן, מיין הונד, וועמען איך האָב שפּעטער דערשאָסען אויף טויט.

אָפֿטמאָל אָבענד־צייט, ווען איך פֿלעג זיך נאָך מיין יאַגד אומקעהרען צו מיר אין שטיבעל, האָט מיין וואַרם געפֿיהל, זיך געפֿינענדיג ביי זיך אין דער היים, מיך דורכגענומען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, יאָ, ס'האָט מיך דורכגענומען דורך און דורך, און דאַן פֿלעג איך זיך פֿונאַנדערפלוידערן מיט עזאָפּ'ן מכח דעם, אַז עס געהט אונז דאָך אַזוי גוט. נאַ, — רוף איך זיך אָב צו איהם, — לאָמיר אַקאָרשט מאַכען פֿייער און אָבראָטען דאָ אויף'ן אויווען אַ פֿויגעל; וואָס זאָגסט דו דערצו? און אַז אַלעם איז פֿאַרטיג געוואָרען, און מירביידע האָבען אָבגעגעסען, פֿלעגט עזאָפּ פֿערקריכען אויף זיין אָרט הינטערן אויווען, בעת ווען איך פֿלעג מיר פֿעררויכערן די פיפקע, זיך צולייגען אַ ווײַלע אויף'ן בעטעל און זיך צוהערען צו דעם טעמפּען גערויש אין וואַלד. אַ שוואַך ווינטעל האָט געבלאָזען, און איך האָב דייטליך געהערט דאָס נאָגען פֿון'ם וואַלד-האָהן העט ווייט פֿון די בערג. ווייטער איז אַלעם געווען שטיל.

און צייטענווייז פֿלעג איך אַזוי איינשלאָפֿען אָנגעטהאָנערהייט, אָט ווי איך בין געשטאַנען און געגאַנגען, און איך פֿלעג זיך ערשט דאַן אויפֿכאַפּען, ווען די ים־פֿייגעל האָבען אָנגעהויבען שרייען.

אַז איך פֿלעג דאַן אַרויסקוקען פֿון פֿענסטער, האָב איך געזעהן אין דער ווייטענס די גרויסע, ווייסע געביידען פֿון'ם האַנדעלס-פּלאַץ, סירילונדס שפּייכלער, די קראָם, וואו איך פֿלעג קויפֿען מיין ברויט, און אַזוי פֿלעג איך נאָך בלייבען ליגען אַ ווײַלע און זיך וואונדערן, וואָס איך געפֿין זיך דאָ אין אַ שטיבעל אין צפון-לאַנד, ביים ברעג פֿון אַ וואַלד.

דאַן פֿלעגט עזאָפּ דאָרט הינטערן אויווען פֿונאַנדערטרייסלען זיין לאַנגען שמאָלען קערפּער, מאַכענדיג דערביי אַ גערויש מיט זיין האַלזבאַנד; דערנאָך פֿלעגט ער זיך גוט אויסגענעצען און דרעהען מיט'ן עק, און איך פֿלעג זיך אויפֿכאַפּען נאָך אָט דעם דריי, פֿיער־שטונדיגען שלאָף און בין געווען אויסגערוהט און פֿול מיט פֿרייד איבער אַלעם, אַלעם.

אזוי איז אַריבער מעהר ווי איין נאַכט.

## II.

עס מעג רעגענען און שטורעמען — דאָס מאַכט גאָרנישט אויס; אָפּט טרעפט, אַז גראָד אין אַ רעגענדיגען טאָג איז מען נישקשה'דיג אויפגעלייגט און צופֿריעדען, וואָס מען קען בלייבען אַליין מיט זיין אייגענעם גליק. דאַן שטעלט מען זיך אויף און מען וואַרפט אַ בליק אויף דרויסען, ווען ניט ווען טהוט מען אַ שטילען שמייכעל פֿאַר זיך און מען קוקט זיך אום. מכח וואָס טראַכט מען? אַ קלאָהרע שויב אין אַ פֿענסטער, אַ זונען־שטראַהל אויף דער שויב; פֿון וויטען זעהט זיך אַ קליין וואַסערל און פֿילייכט אויך אַ שפּאַלט אויף'ן הימעל. מעהר דאַרף מען גאָר ניט האָבען.

אין אַן אַנדער צייט קענען אפילו גאַנץ אונגעוועהנליכע געשעהע־נישען אייגעם אָפּט ניט אַרויסרייסען פֿון אַ קלעגליכער שטימונג; אין סאַמע מיטען געררויש אין באַל־זאַאַל קענסט דו זיך זיצען רוהיג, גלייכגילטיג, אַקוראַט ווי ס'וואָלט דיך גאָרנישט אָנגעגאַנגען. וואָרים אונזער אייגענע נשמה, דאָס איז דער קוואַל פֿון אומעט אָדער פֿרייד.

עס קומט מיר אַרויף אויף'ן זינען אַ בעשטימטער טאָג. איך בין געווען אונטען ביים ברעג ים, דער רעגען האָט מיך פֿערכאַפּט אומ־געריכטערהייט און איך בין אַריין אין אַן אַרומגעצאַמטען נאָר ניט־פֿערדעקטען פּלאַץ, וואו מען פֿלעגט האַלטען שיפֿלאַך, און איך האָב זיך דאָרט דערווייל צוגעזעצט. כ'האָב זיך צוגעזונגען אַזוי פֿאַר זיך, נאָר אָהן לוסט און אָהן פֿרייד, בלויז כדי די צייט צו פֿערטרייבען. עזאָפּ איז געווען לעבען מיר, ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און אָנגע־שטעלט די אויערן. איך האָב אויפֿגעהערט זינגען און זיך אויך צו־געהערט; פֿון דערווייטען לאָזען זיך הערען שטימען, מענשען קומען.

אַ צופֿאַל, אַ גאַנץ נאַטירליכער צופֿאַל! אַ קאָמפּאַניע פֿון צוויי הערען מיט אַ מיידעל זיינען אין איין אומפעט אַריינגעקומען צו מיר. לאַ־כענדיג האָבען זיי גערופֿען איינע די אַנדערע:

"גיבער, דאָ וועלען מיר זיך ווי עס איז בעהאַלטען פֿאַר'ן רעגען!"

איך בין אויפֿגעשטאַנען.

איינער פֿון די מענער האָט געטראָגען אַ וויים, ניט־געפּרעסט אויבער־העמד, וואָס איז נאָך דערצו געווען דורכגענעצט פֿון רעגען און איז אַראָבגעהאַנגען ווי אַ בייטעל; אין אָט דעם נאַסען אויבער־העמד האָט געשטעקט אַ דימענטענע שפּילקע. אויף די פֿים האָט ער געהאַט לאַנגע, שפּיציגע שיך, וועלכע האָבען אויסגעזעהן גאַנץ פּראָסט. איך האָב בעגריסט דעם מאַן; ס'איז געווען הערר מאַק, דער סוחר; כ'האָב זיך געקענט מיט איהם פֿון דער קראָם, וואו איך פֿלעג קויפֿען ברויט. ער האָט מיך זאָגאַר איינמאָל פֿערבעטען צו זיך אין הויז, נאָר איך בין נאָך ביז דאַן ניט געווען ביי איהם.

"אַה, גוטע בעקאַנטע!" האָט ער זיך אָבגערופֿען, בעת ער האָט מיך דערזעהן. "מיר זיינען געווען אויף'ן וועג צו דער מיהל; מיט אַמאָל האָבען מיר זיך געמוזט אומקעהרען. אַזאַ מין וועטער, וואָס? אָבער ווי קומט איהר אַהער, הערר לייטענאַנט?" ער האָט מיר פֿאָר־געשטעלט דעם קליינעם, שוואַרץ־באָרדיגען מאַן, וואָס איז געשטאַנען לעבען איהם, אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געוואוינט לעבען דער אַנעקס־קירכע.

דאָס מיידעל האָט אַרויפֿגערוקט דעם שלייער ביז אויף דער נאָז און האָט אָנגעהויבען שטילערהייט פּלוידערן מיט עזאָפּ'ן. כ'האָב בעמערקט איהר יאַקעל; אָן דעם שטאָף און אָן די קנאָפּ־לעכער האָב איך געקענט זעהן, אַז עס איז געפֿאַרבט. הערר מאַק האָט זי אויך פֿאָרגעשטעלט. זי איז געווען זיין טאָכטער און האָט געהייסען עדוואַרדאַ.

עדוואַרדאַ האָט מיר צוגעוואָרפֿען אַ בליק דורך'ן שלייער, דער־נאָך האָט זי ווייטער גערעדט מיט'ן הונד און האָט איבערגעלייענט דאָס, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין האַלז־באַנד.

"אַה, דו הייסט עזאָפּ, וואָס?... דאָקטאָר, ווער איז ער דאָס געווען, דער עזאָפּ? דאָס איינציגע וואָס איך וויים פֿון איהם איז, אַז

ער האָט געשריבען מעשה׳לאַך. איז ער ניט געווען אַ פֿריגיער? ניין, כ׳ווייס ניט."

אַ קינד, אַ שוהל־מיידעל. כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר, זי איז געווען הויך, אָבער אָהן פֿאָרמען, אַן ערך פֿופֿצעהן, זעכצעהן יאָהר אַלט, מיט לאַנגע, ברוינע הענד אָהן האַנדשוה. אפשר האָט זי היינט נאָכמיטאָג אין אַ קאָנווערזאַציאָנס־לעקסיקאָן גראָד אויפֿגע־מישט דעם נאָמען „עזאָפּ".

הערר מאַק האָט זיך ביי מיר נאָכגעפֿרעגט מכח מיין יאַגד. וואָס איך שים מעהר פֿון אַלצדינג? איינס פֿון זיינע שיפֿלאַך קען ער מיר צו יעדער צייט געבען, איך דאַרף עס נור זאָגען. דער דאָק־טאָר האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַז די קאָמפּאַניע איז אַוועק, האָב איך בעמערקט, אַז דער דאָקטאָר הינקט צו אַביסעל און געהט אָנגעשפּאַרט אויף׳ן שטעקען.

אין דערזעלבער פֿוסטער שטימונג ווי פֿריהער האָב איך געוואַנדערט אַהיים און זיך צוגעזונגען גלייכגילטיג פֿאַר זיך. אָט די בעגעגעניש האָט ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף מיין געדאַנק; מעהר פֿון אַלץ איז ביי מיר אין זכרון געבליבען הערר מאַק׳ס דורכגענעצט אויבער־העמד, וואו ס׳האָט געשטעקט אַ דימענטענע שפּילקע, וועל־כע איז געווען פּונקט אַזוי נאַס און אָהן אַ שום גלאַנץ.

---

# III.

אַנטקעגען מיין שטיבעל איז געשטאַנען אַ שטיין, אַ הויכער, גראָער שטיין. ער האָט געהאַט אַן אויסדרוק פֿון ליעבשאַפֿט פֿאַר מיר; עפּעס האָט עס אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט געקוקט אויף מיר און מיך דערקענט, ווען איך פֿלעג איהם פֿערבייגעהן. איך פֿלעג גערן פֿערבייגעהן אָט דעם שטיין אין דער פֿריה, ווען איך בין אַרויס פֿון שטוב, און מיר האָט זיך אָבגערוכט, אָקוראַט ווי איך וואָלט איבערגעלאָזט אַ גוטען פֿריינד, וועלכער וועט וואַרטען אויף מיר, ביז איך וועל צוריקקומען.

און אויבען אין וואַלד האָט זיך אָנגעהויבען די יאַגד. פֿילייכט האָב איך וואָס עס איז געשאָסען, און אפשר ניט.

דאָרט ביי די אינזלען איז געלעגען דער ים אין אַ מרה־שחורה'דיגער רוה. אָפֿט פֿלעג איך שטעהן אויבען אויף די בערג, און אַז איך בין געווען גאַנץ הויך אויבען, האָב איך אַרונטערגעקוקט אין ים. אין שטילע טעג האָבען זיך די שיפֿען כמעט פֿון אָרט ניט געריהרט; דאַן האָב איך געקענט זעהן דעם זעלבען זעגעל דריי טעג נאָכאַנאַנד, קליין און ווייס ווי אַ טשאַיקע אויף'ן וואַסער. נאָר אַז דער ווינד האָט זיך געביטען, דאַן זיינען די בערג אַזוי ווי פֿערשוואונדען העט ווייט; ס'איז אָנגעקומען אַ מורא'דיגער שטורם, אַ שטורם פֿון דרום־מערב־זייט. דאַן איז אַלצדינג געווען איינגעוויקעלט אין דאַמפֿ, ערד און הימעל האָבען זיך אַזוי ווי צונויפֿגעגאָסען אין איין שטיק, דער ים האָט זיך געוואָרפֿען און געטאַנצט, די רוישענדע כוואַליעס האָבען אויסגעזעהן ווי מענשען, פֿערד און צוריסענע פֿאָהנען. געשיצט אונטער אַ פֿעלז בין איך געשטאַנען, פֿערטיעפֿט אין אַלערליי

מחשבות; מיין זעעלע איז געווען געשפּאַנט. גאָט ווייס, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס מיר איז נאָך בעשעהרט היינט צו זעהן, און פאַרוואָס דער ים צוקאָכט זיך אַזוי דאָ פאַר מיינע אויגען? ווער ווייס, אפשר וועל איך אין דער דאָזיגער רגע דערזעהן דאָס סאַמע אינעווייניגסטע פון דער ערד'ס מוח, ווי עס ווערט דאָרט געאַרבייט, ווי עס קאָכט און זידט דאָרטען!

עזאָפ איז געווען אונרוהיג; ווען ניט ווען פלעגט ער אויפהויבען דעם שנוק און סאָפּען און ציטערן מיט די פיס. אַזוי ווי איך האָב צו איהם ניט גערעדט, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט צווישען מיינע פיס און פונקט ווי איך אַרויסגעקוקט אין ים. און קיין געשריי און קיין שום מענשען־שטימע איז אין ערגעץ ניט געווען צו פערנעהמען, בלויז דער טעמפּער גערויש אַרום מיין קאָפּ. ווייט אַרויס איז געלעגען אַן אינזעל, זי איז געלעגען אַליין; ווען דער ים האָט גערוישט ביי אָט דער אינזעל, האָט ער זיך אויפגעהויבען און זיך געדרעהט ווי אַ משוגע'נע שרויף, ניין, ווי אַ ים־גאָט, וואָס הויבט זיך אויף אַן אָבגע'טובל'טער, אַ טריפענדיגער אין דער הויך און קוקט אַרויס איבער דער וועלט און סאָפּעט, אַזוי אַז האָר און באָרד שטעהען ווי אַ ראָד אַרום זיין קאָפּ. דאַן טונקט ער זיך ווידער אונטער אין וויבער.

און אין רעכטען מיטען שטורם רוקט זיך אַ קליין, קויהל־ראָבען־שוואַרץ דאַמפּף־שיפעל איבער'ן ים.

אַז איך בין נאָכמיטאָג אַרונטערגעגאַנגען צו דער בריק ביים ברעג ים, איז דאָס קליינע, קויהל־ראָבען־שוואַרצע דאַמפּף־שיפעל אַריינגעקומען אין האַפען; ס'איז געווען דאָס פּאָסט־שיף. אַסך מענשען האָבען זיך פערזאַמעלט אויף'ן ברעג, כדי אָנצוקוקען דעם זעלטענעם גאַסט; כ'האָב בעמערקט, אַז אַלע אָהן אַן אויסנאַהם האָבען געהאַט בלויע אויגען, כאָטש אַזוי זיינען זיי געווען פערשיעדען איינע פון די אַנדערע. ניט ווייט פון מיר איז געשטאַנען אַ יונג מיידעל מיט אַ ווייסען וואָלען טיכעל אַרום קאָפּ; זי האָט געהאַט זעהר טונקעלע האָר, און דאָס ווייסע טיכעל האָט אַזוי מאָדנע אָבגעשלאָגען פון די האָר און זיך געוואָרפען אין די אויגען. זי האָט מיך אָנגעקוקט ניי־גיעריג, מיין לעדערנעם קאָסטיום, מיין געוועהר; אַז איך האָב צו איהר

גערעדט, האָט זי זיך פֿערשעהמט און אָבגעקעהרט דאָס געזיכט פֿון מיר. „דאָס ווייסע טיכעל דאַרפֿסט דו אימער טראָגען," האָב איך זיך אָבגערופֿען, „עס קליידט דיר זעהר גוט." אין דערזעלבער רגע איז צוגעקומען צו איהר אַ מאַן מיט ברייטע פּלייצעס אין אַן אַרבייטס־בלוזע, ער האָט זי גערופֿען עוואַ. זי האָט אויסגעזעהן ווי זיין טאָכטער׳ איך האָב געקענט דעם מאַן מיט די ברייטע פלייצעס, ס׳איז געווען דער שמיעד, דער שמיעד פֿון דאָרף. מיט אַ פּאָר טעג פֿאַר דעם האָט ער געמוזט איינשרויפֿען אַ נייעם צינד־שטיפֿט אין איינעם פֿון מיינע ביקסען.

און רעגען און ווינד האָבען זיך געטהאָן זייער אַרבייט און צושמאָלצען דעם גאַנצען שנעע. עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט געהערשט אַ בייזע און קאַלטע שטימונג איבער דער ערד, פֿערפֿוילטע צווייגען האָבען זיך אָבגעבראָכען, און די קראָהען האָבען זיך פֿערזאַמעלט מחנות־ווייז און געקרעכצט. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, די זונן איז געווען נאָהענט, און איין פֿריה־מאָרגען איז זי אויפֿגעגאַנגען הינטער׳ן וואַלד׳ ווי אַ צאַרטער גלעט געהט מיר אַריבער פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, בשעת די זונן געהט אויף; אין שטילער פֿרייד וואַרף איך מיר אַריבער דעם ביקס איבער דער פּלייצע.

---

# IV.

אין יענער צייט האָב איך געהאַט גענוג וואָס צו שיסען; כ'האָב געשאָסען וואָס איך האָב נור געוואָלט, אַ האָז, אַ וואַלד־הוהן, אַ שנעע־הוהן, און אַז איך בין צופֿעליג געוועזן אונטען ביים ים, און וואָס פֿאַר עס איז ים־פֿויגעל איז מיר פֿערבייגעפֿלויגען, האָב איך אויך דעם געשאָסען. דאָס זיינען געוועזן גוטע צייטען; די טעג זיינען געוואָרען לייַנגער און די לופֿט קלאָהרער; איך האָב זיך צוגעגרייט מיט אַלעם נייטיגען אויף צוויי טעג און בין אַוועק אויף די בערג, אויף די שפּיץ בערג; כ'האָב געטראָפֿען בערג־לייט און געקראָגען פֿון זיי קעז, קליינע, פֿעטע קעזלאַך מיט אַ געשמאַק פֿון קרייטיכער. מעהר ווי איינמאָל בין איך דאָרט געוועזן. צוריק צו וועגס אַהיים, האָב איך אימער געשאָסען וואָס פֿאַר עס איז פֿויגעל און איהם אַריינגעלייגט אין דער יאַגד־טאַש. איך פֿלעג זיך צוזעצען אין מיטען וועג און צובינדען עזאָפּ'ן אָן שטריק. אַ מייל אונטער מיר איז געלעגען דער ים; די ווענד פֿון די בערג זיינען געוועזן שוואַרץ און פֿייכט פֿון'ם וואַסער, וואָס האָט אַראָבגערונען איבער זיי, געטריפֿט און גערונען, בסדר מיט דעם זעלבען קורצען ניגון. אָט די קליינע מעלאָדיען וועלכע איך האָב אויסגעהערט אין די בערג האָבען מיר אויסגעפֿילט מעהר ווי איין פּוסטען אויגענבליק, בשעת איך פֿלעג זיצען און זיך אומקוקען אַרום מיר. אָט רינט עס שטיל, האָב איך ביי זיך געקלעהרט, אָט קלינגט דער דאָזיגער קליינער, אונענדליכער טאָן דאָ אָב אין זיין איינזאַמקייט, און קיינער הערט איהם ניט, און קיינער האָט איהם אין זינען ניט, און דאָך קלינגט ער דאָ איינער אַליין בסדר, בסדר!

און אַז איך האָב געהערט דאָס דאָזיגע טריפֿען און רינען, האָב

איך זיך געטראַכט: ניין, דער באַרג איז גאָר ניט אַזוי וויסט און איינזאַם, ווי מען מיינט. ווען ניט ווען האָט זיך וואָס עס איז געמאַכט: אַ דונער האָט דורכגעטרייסעלט די ערד, אַ פֿעלז האָט זיך אָבגעריסען און איז אַרונטער אין ים, הינטער זיך האָט ער איבערגעלאָזט אַ וועג פֿון שטיין־רויך; אין דערזעלבער רגע הויבט עזאָפּ אויף דעם שנוק און סאָפּעט און ציהט פֿערוואונדערט אַריין אין זיך דעם שטאַרקען ריח, וועלכען ער הויבט ניט אָן בעגרייפֿען. אַז דאָס שנעע־וואַסער פֿלעגט דורכברעכען שפּאַלטען אין די פֿעלזען, איז געווען אַ שאָס אָדער בלויז אַ שטאַרקען געשריי טהאָן, און אַ שטיק פֿעלז האָט זיך אָבגעטשעפּעט און דערנאָך זיך אַרונטערגעקאַטשעט אין ים...

אַ שטונדע האָט אַזוי געקענט פֿערגעהן, פֿילייכט נאָך מעהר, די צייט איז אַריבער אַזוי שנעל. כ'האָב צוריק אָבגעקניפּט דעם שטריק און געלאָזט עזאָפּ'ן פֿריי, אויפֿגעהאַנגען די יאַגד־טאַש אויף דעם אַנדערן אַקסעל און זיך געלאָזט געהן אַהיים. דער טאָג האָט געהאַלטען ביים פֿערגעהן. אונטען אין וואַלד האָב איך זיך געפֿונען אויף מיין אַלטען, בעקאַנטען וועג, אַ שמאָלער שטעג מיט מאָדנע פֿערדרעהטע זייטען־גיינג. איך בין דורכגעגאַנגען אַלע פֿערדרעהטע, קרומע וועגען און זיך גענומען גענוג צייט; כ'האָב זיך ניט געהאַט וואָס צו איילען, אין דערהיים האָט קיינער ניט געוואַרט אויף מיר! פֿריי ווי אַ הערשער בין איך אַרומגעגאַנגען און האָב געוואַנדערט דורך אַ פֿריעדליכען וואַלד, אַזוי לאַנגזאַם ווי איך האָב נור געוואָלט. אַלע פֿייגעל האָבען געשוויגען שטיל, נור דער וואַלד־האָהן האָט זיך געלאָזט הערען מיט זיין געוועהנליכען מאָנאָטאָנעם געזאַנג.

איך בין אַרויס פֿון וואַלד און איך האָב דערזעהן פֿאַר מיר צוויי מענשען, צוויי וואַנדערענדע מענשען, כ'האָב זיי אָנגעיאָגט; איינער פֿון זיי איז געווען פֿריילין עדוואַרדאַ, כ'האָב זי דערקענט און איהר בעגריסט; דער דאָקטאָר האָט זי בעגלייט. כ'האָב זיי געמוזט ווייזען מיין ביקס, זיי האָבען בעטראַכט מיין קאָמפּאַס, מיין יאַגד-טאַש; כ'האָב זיי איינגעלאַדען צו מיר אין שטיבעל, און זיי האָבען צוגעזאָגט צו קומען ווען עס איז.

איצט איז געוואָרען נאַכט. איך בין אַוועק אַהיים און האָב גע־

מאַכט פֿייער, כ׳האָב אָבגעבראָטען אַ פֿויגעל און געפּראַוועט מיין מאָהלצייט. מאָרגען איז דאָך ווידער אַ טאָג...

שטיל און רוהיג איבעראַל. איך ליג דעם גאַנצען אָבענד און קוק אַרויס פֿון פֿענסטער; אַ פֿער׳כשוף׳טער גלאַנץ ליגט אַרום דער צייט אויף וואַלד און פֿעלד. די זונן איז אונטערגעגאַנגען און האָט אָבגעפֿאַרבט דעם האָריזאָנט מיט אַ פּעטען, רויטען ליכט, וואָס איז זיך געלעגען שטיל ווי אייל. איבעראַל איז דער הימעל געווען אָפֿען און ריין. איך האָב אַריינגעקוקט אין דעם דאָזיגען קלאָהרען ים, און מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געלעגען פּנים אל פּנים אַנטקעגען דעם גרונד פֿון דער וועלט, אָקוראַט ווי מיין האַרץ וואָלט געקלאַפּט אַנטקעגען אָט דעם ריינעם גרונד, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט זיך געריסען אַהין. גאָט ווייס, אַזוי האָב איך זיך געטראַכט ביי זיך, פֿאַרוואָס דער האָריזאָנט טהוט זיך היינט אָבענד אָן אין לילאַ און גאָלד; צי איז ניט אַקאָרשט אויבען אין דער וועלט עפּעס אַ יום טוב, אַ גרויסאַרטיגער יום טוב, מיט מוזיק פֿון די שטערען און מיט שיפֿלאַך, וואָס פֿאָהרען די שטראָמען אַרונטער. עס זעהט אַזוי אויס! און איך האָב פֿערמאַכט די אויגען און איך בין געווען דאָרט אין די שיפֿלאַך, און געדאַנקען אויף געדאַנקען האָבען דורכגעזשוגעלט דורך מיין מוח...

אַזוי איז אַריבער מעהר ווי איין טאָג.

כ׳האָב אַרומגעוואַנדערט און געזעהן, ווי דער שנעע האָט זיך צולאָזט אין וואַסער און ווי דאָס אייז איז צוגאַנגען. עס זיינען געווען טעג, ווען איך האָב אפילו מיין ביקס ניט אויסגעשאָסען, קוים האָב איך נור געהאַט גענוג וואָס צו עסען ביי מיר אין שטיבעל; כ׳האָב בלויז אַזוי אַרומגעשפּאַצירט און געלאָזט די צייט זיך געהן איהר וועג. וואוהין איך האָב זיך נאָר אַ קעהר געטהאָן, איבעראַל איז געווען וואָס צו זעהן און וואָס צו הערען, אַלצדינגנג האָט זיך טאָג פֿאַר טאָג געענדערט אַ קליין ביסעלע, אפילו די קוסטאַרניקעס און די גראָזען אויף די ווענד האָבען אויך געוואַרט אויף׳ן פֿריהלינג. איך בין צום ביישפּיעל אַרונטער צו דער מיהל; זי איז נאָך געלעגען פֿערפֿראָרען; נאָר די ערד אַרום און אַרום איז זינט מענשען געדענקען געווען איינגעטראָטען, אַ קלאָהרער בעווייז, אַז מענשען מיט זעק פֿול קאָרן זייי-

נען דאָ געווען און האָבען עס געלאָזט מאָהלען. איך בין דאָרט אַרומ־געגאַנגען אַזוי ווי צווישען מענשען; אין די ווענד זיינען אויך געווען אויסגעקריצט פֿערשיעדענע בוכשטאַבען און יאָהרעס־צאָהלען.

נו יאָ!

---

## V

זאָל איך נאָך שרייבען ווייטער? ניין, ניין, בלויז אַביסעל פֿון מיין פֿערגניגען וועגען, און ווייל עס פֿערטרייבט מיר די צייט, ווען איך דערצעהל, ווי דער פֿריהלינג איז פֿאַר צוויי יאָהרען געקומען און ווי אַזוי די ערד האָט אויסגעזעהן. די ערד און דער ים האָבען אָנגעהויבען שמעקען; די פֿערוויאַנעטע בלעטער, וואָס זיינען געלעגען און געפֿוילט אין וואַלד, האָבען אָבגעגעבען פֿון זיך אַ זיסליכען ריח פֿון שוועבעל־וואַסערשטאָף, און די פֿייגעלאַך זיינען אַרומגעפֿלויגען מיט צווייגעלאַך אין די שנאָבלען און האָבען געבויט זייערע נעסטען. נאָך אַ פּאָר טעג און די טייכלאַך האָבען זיך אָנגעפֿילט און זיינען אויפֿגעלאָפֿען מיט שוים, דאָ און דאָרט האָט מען געזעהן אַ זומער־פֿייגעלע, און די פֿישער זיינען צוריקגעקומען פֿון זייערע רודער־פּלעצער. דעם סוחר'ס ביידע שנעל־שיפֿלאַך זיינען געקומען פֿול־געלאָדען מיט פֿיש און האָבען געאַנקערט אויף זייערע פּלעצער ביים ברעג ים. פּלוצלינג איז געוואָרען לעבעדיג און ריהרעוודיג אויף דער גרעסטער פֿון די אינזלען, וואו מען האָט געטריקענט די פֿיש. איך האָב עס אַלעס געזעהן פֿון מיין פֿענסטער אַרויס.

אָבער צו מיר אין שטיבעל איז קיין שום ליאַרם ניט צוגעקומען, איך בין געוועזן און בין געבליבען אַליין. ווען ניט ווען איז אימיצער פֿערבייגעגאַנגען; כ'האָב געזעהן עוואַ'ן, דעם שמיעד'ס טאָכטער; זי האָט געהאַט אַ פּאָר רויטע פֿלעקען אויף דער נאָז.

„וואוהין לאָזט דו זיך געהן?" האָב איך געפֿרעגט.

„אין וואַלד נעהמען האָלץ," האָט זי רוהיג געענטפֿערט. זי האָט געהאַלטען אַ שטריק אין דער האַנד, כדי דערמיט דאָס האָלץ צו

טראָגען, און אַרום קאָפּ האָט זי געהאַט דאָס ווייסע וואָלענע טיכעל. כ׳האָב איהר נאָכגעקוקט, נאָר זי האָט זיך ניט אומגעקעהרט.

דערנאָך זיינען אַריבער שעהנע עטליכע טעג, איידער איך האָב ווידער געזעהן אַ מענשען אין די אויגען.

דער פרילינג איז אָנגעקומען מיט אימפּעט, און דער וואַלד האָט געלויכטען. ס׳איז געווען אַ גרויס פערגניגען צו קוקען אויף די זינג־פייגעלאַך, ווי זיי זיינען זיך געזעסען הויך אויבען אויף די שפּיצען פון די בוימער און האָבען געקוקט אין דער זונן און געשריען. צייטענווייז בין איך שוין אַרום צווי אַ זייגער אין דער פריה אויף געווען, כדי אָנטהייל צו נעהמען אין דער דאָזיגער שמחה, וואָס די פייגעל און די חיות האָבען אַרויסגעוויזען, בשעת די זונן איז אויפגעגאַנגען.

דער פרילינג איז אויך צו מיר געקומען, און אין מיין בלוט האָט עס צייטענווייז געקלאַפּט, ווי דאָס קלאַפּען פון טריט. איך בין געזעסען אין שטיבעל און האָב געקלעהרט צורעכט צו מאַכען מיינע פישער־שטעקלאַך און מיינע שטריק, נאָר דאָך האָב איך מיט קיין פינגער ניט געריהרט, וואָס עס איז צו טהון; אַ גליקליכע, דונקעלע אונרוהיגקייט האָט געהאַלטען אין איין אַרויסנעמען און אַריינגעהן צו מיר אין האַרצען. פּלוצלינג כאַפּט זיך עזאָפּ אויף, בלייבט שטעהן אויף שטייפע פיס און בילט זיך פונאַנדער. מענשען זיינען צוגעקומען צום שטיבעל. שנעל כאַפּ איך אַראָב מיין מיץ פון קאָפּ און איך הער שוין פריילין עדוואַרדאַ׳ס שטימע ביי דער טהיר. פריינדליך און אָהן צערעמאָניעס איז זי מיט׳ן דאָקטאָר געקומען צו מיר אויף בעזוך, ווי זיי האָבען צוגעזאָגט.

„יאָ, ער איז דאָ אין דערהיים,“ האָב איך זי געהערט זאָגען. און דערנאָך איז זי אַריינגעקומען און האָט מיר מעשה קליין מיידעלע דערלאַנגט די האַנד. „נעכטען זיינען מיר אויך געווען דאָ, נאָר איהר זייט ניט געווען אין דערהיים,“ האָט זי ערקלעהרט.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף מיין בעטעל און געוואָרפען אַ בליק איבער׳ן שטיבעל; דער דאָקטאָר האָט זיך געזעצט לעבען מיר אויף דער לאַנגער באַנק. מיר האָבען זיך פונאַנדערגעשמועסט, מיר האָבען געפּלוידערט און זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ. איך האָב זיי צווישען אַנדערעס דערצעהלט וואָסערע חיות עס זיינען דאָ אין וואַלד,

און וואָס איך טאָר איצט ניט שיסען, מחמת ס'איז די צייט, ווען געוויסע חיות און פֿייגעל דאַרפֿען געשוינט ווערן. אָט דעם וואַלד־האָהן, למשל, דאַרף מען אַצונד ניט שיסען.

דער דאָקטאָר האָט איצט אויך ניט גערעדט קיין סך; נאָר אַז ער האָט צופֿעליג דערזעהן מיין פּולווער־האָרן, אויף וועלכען ס'איז געשטאַנען אַ פּאַן־פֿיגור, האָט ער אָנגעהויבען ערקלעהרען דעם מיטה פֿון'ם נאַטור־גאָט פּאַן.

„אָבער פֿון וואָס לעבט איהר פֿאָרט, ווען עס קומט די צייט, ווען אַלע חיות און פֿייגעל דאַרפֿען געשוינט ווערן?" האָט עדוואַרדאַ פּלוצלינג אַ פֿרעג געטהאָן.

„פֿון פֿיש," האָב איך געענטפֿערט. „מעהרסטענטיילס פֿון פֿיש ס'איז אימער דאָ וואָס עס איז צו עסען."

„אָבער איהר קענט דאָך קומען צו אונז עסען," האָט זי געזאָגט. „פֿאַר אַ יאָהרען האָט אַן ענגלענדער געהאַט אייער שטיבעל; דער פֿלעגט זעהר אָפֿט קומען עסען ביי אונז."

עדוואַרדאַ האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר, און איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר. אין דער רגע האָב איך דערפֿיהלט, ווי עפּעס האָט זיך געגעבען אַ ריהר ביי מיר און האַרצען, אַזוי ווי אַ שנעלע, פֿריינדליכע בעגריסונג. דאָס איז געקומען פֿון פֿריהלינג און פֿון'ם ליכטיגען טאָג; זינט דאַן האָב איך געגונג געטראַכט דעריבער. אַחוץ דעם האָב איך בעוואונדערט איהרע גערדרעהטע אויגען־ברעמען.

זי האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער מכח מיין וואוינונג. כ'האָב בעהאַנגען די וואַנד מיט פֿערשיעדענע פֿעלען און פֿליגלען פֿון פֿייגעל; דאָס שטיבעל האָט אינעווייניג אויסגעזעהן ווי אַ האָריגע בערען־הייהל. דאָס איז איהר שטאַרק געפֿעלען. „יאָ, דאָס איז אַ בערען־הייהל," האָט זי געזאָגט.

איך האָב גאָרנישט געהאַט מיט וואָס מכבד צו זיין מיינע געסט, עפּעס רעכטס, וואָס זיי זאָלען קענען אָננעהמען, האָב איך זיך מישב געווען, איך וועל זיי צום שפּאַס אָבבראָטען אַ פֿויגעל; זיי זאָלען עס קריגען צוגעשטעלט אויף אַ יעגערשען אופֿן און עסען מיט די פֿינגער. דאָס איז דאָך אַ שטיקעל צייט־פֿערטרייב.

האָב איך אַלזאָ אָבגעבראָטען דעם פֿויגעל.

עדוואַרדאַ האָט דערצעהלט וועגען דעם ענגלענדער. דאָס איז געוועזן אַן אַלטער, מערקווירדיגער מאַן, וועלכער האָט כסדר גערעדט צו זיך אַליין הויך אויף׳ן קול. ער איז געווען אַ קאַטהאָליק, און ווען ער איז געשטאָרבען און געגאַנגען, האָט ער מיטגעטראָגען ביי זיך אַ קעשענע אַ קליין געבעט־ביכעל מיט שוואַרצע און רויטע אותיות.

„דאַן איז ער, הייסט עס, געווען אַן אירלענדער?" האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

„אַזוי? אַן אירלענדער?"

„נו פערשטעהט זיך, אויב ער איז געווען אַ קאַטהאָליק!"

עדוואַרדאַ איז רויט געוואָרען. זי האָט אָבגעקעהרט איהר בליק און געשמאָכעלט:

„נו יאָ, אפשר איז ער טאַקע געווען אַן אירלענדער?"

פון דער רגע אָן האָט זי פערלאָרען איהר מונטערקייט. ס׳האָט מיר לייד געטהאָן פאַר איהר, און איך האָב גערן געוואָלט אַלעס צוריק גוט מאַכען; מחמת דעם האָב איך זיך אָבגערופען:

„ניין, נאַטירליך זייט איהר גערעכט; אירלענדער קומען ניט קיין נאָרוועגען."

מיר האָבען צווישען זיך אָבגעמאַכט, אין איינעם פון די קומענדע טעג אַרויסצופאָהרען אַביסעל אויף׳ן ים און אָנקוקען דעם אינזעל, וואו מען טריקענט די פיש...

נאָכדעם ווי איך האָב מיינע געסט בעגלייט אַ שטיק וועג, האָב איך זיך אומגעקעהרט אַהיים און פון דאָס ניי גענומען טראַכטען מכח מיינע פישער-געצייג. מיין נעץ איז געהאַנגען אויף אַ טשוואָק ביי דער טהיר, און עטליכע שלייפען זיינען פערראָסט און קאַליע געוואָרען; כ׳האָב אָנגעשאַרפט עטליכע האַקענס, זיי פעסט צוגעקניפט און נאָכגעזעהן די פישער־שנורען. ווי שווער איז עס מיר היינט געוואָרען, וואָס עס איז צו טהאָן! געדאַנקען, וועלכע האָבען גאָר ניט געהערט אַהער, זיינען מיר דורכגעלאָפען אין מוח; עפּעס איז מיר פאָרגעקומען, אַז איך האָב בעגאַנגען אַ פעהלער, דערמיט וואָס איך האָב פריילײן עדוואַרדאַ די גאַנצע צייט געלאָזט זיצען אויף׳ן בעטעל, אָנשטאָט איהר אָנצובאָטען אַ פּלאַץ אויף דער באַנק. כ׳האָב פלוצלינג געזעהען פאַר מיינע אויגען איהר ברוינעם געזיכט און דעם

ברוינעם האַלז; דעם פֿאַרטוך האָט זי פֿאָרנט אַביסעל אַרונטערגע־צויגען, כדי צו קריגען אַ לאַנגע טאַליע, ווי די מאָדע איז געווע דער צניעות'דיגער מיידעל־אויסדרוק פֿון איהר גראָבען פֿינגער האָט געווירקט צערטליך אויף מיר, און די פּאָר פֿאַלטען אויף'ן געלענק זיינען געוועז פֿול מיט פֿריינדליכקייט. זי האָט געהאַט אַ גרויס מויל, וואָס האָט געגליהט.

איך בין אויפֿגעשטאַנען, האָב געעפֿענט די טהיר און אַרויסגע־הערט אויף דרויסען. כ'האָב גאָרנישט געהערט און אויך גאָרנישט געהאַט וואָס צו הערען. איך האָב אַלזאָ ווידער פֿערמאַכט די טהיר. עזאָפּ איז אויפֿגעשטאַנען פֿון זיין געלעגער און האָט דערזעהן מיין אונרוהיגקייט. מיר אַמאָל פֿאַלט מיר איין, אַז איך וואָלט געקענט נאָכלויפֿען פֿריילין עדוואַרדאַ און ביי איהר בעטען אַ פּאָר זייד־פֿעדים, צו פֿערריכטען מיין נעץ; דאָס איז ניט קיין אויסרייד, כ'וואָלט דאָך איהר געקענט ווייזען דעם נעץ און די פֿונאַנדערגענומענע שליי־פֿען. איך בין שוין געווען ביי דער טהיר, דערמאָן איך זיך, אַז איך האָב אַליין זייד ביי מיר אין מיין פֿליגען־בוך, נאָך מעהר זאָגאַר ווי איך דאַרף. און שטיל און דערשלאָגען בין איך צוריק אַריין, ווייל איך האָב אַליין געהאַט זייד.

אַז איך בין אַריין אינעווייניג, האָט מיר אין שטיבעל אַנטקעגען געשלאָגען אַ פֿרעמדער הויך; איך בין שוין מעהר ניט געווען איינער אַליין דאָרט.

---

## VI.

אַ מאַן האָט מיך געפֿרעגט, צי איך שים שוין מעהר גאָרנישט; ער האָט פֿון די בערג אַראָב קיין שום שאָם פֿון מיר ניט געהערט, כאָטש ער איז געלעגען צוויי טעג אויף'ן וואַסער און האָט געכאַפּט פֿיש. ניין, כ'האָב גאָרנישט געשאָסען, איך בין געווען אין דערהיים ביי מיר אין שטיבעל, ביז וואַנען איך האָב שוין מעהר גאָרנישט געהאַט וואָס צו עסען.

אויף'ן דריטען טאָג בין איך אַרויס אויף דער יאַגד. דער וואַלד איז געווען גרינלאַך, ס'האָט זיך געהערט אַ ריח פֿון ערד און בוימער; די גרינע יונגע ציבעלעס האָבען שוין אַרויסגעקוקט פֿון דעם פֿערפֿרוירענעם זומפּ. איך בין געווען פֿול מיט געדאַנקען און האָב זיך עטליכע מאָל צוגעזעצט. אין משך פֿון דריי טעג צייט האָב איך מעהר ניט געזעהן ווי איין מענשען, יענעם פֿישער, ווען איך האָב נעכטען בעגעגענט. כ'האָב זיך געקלעהרט: פֿילייכט וועל איך היינט אָבענד, געהענדיג אַהיים, בעגעגענען אימיצען ביים ברעג וואַלד, וואו איך האָב זיך דאָס לעצטע מאָל געטראָפֿען מיט דעם דאָקטאָר און מיט עדוואַרדאַ'ן. ס'קען דאָך געמאָלט זיין, זיי זאָלען דאָרט ווידער געהן שפּאַצירען, — פֿילייכט — און פֿילייכט ניט. אָבער פֿאַרוואָס האָב איך עפּעס געטראַכט גראָד פֿון אָט די ביידע? כ'האָב געשאָסען אַ פּאָר וואַלד־היהנער און גלייך טאַקע צורעכט געמאַכט איינע פֿון זיי צום עסען. דערנאָך האָב איך עפּעס פֿערקניפּט עזאָפּ'ן.

בעת איך האָב געגעסען, בין איך געלעגען אויף דער טרוקענער ערד. ס'איז געווען שטיל אין וואַלד, בלויז אַ מילדער גערויש פֿון'ם ווינד און ווען ניט ווען אַ געשריי פֿון אַ פֿויגעל. איך בין געלעגען

און האָב געקוקט אויף די צווייגען, וועלכע האָבען זיך גאַנץ שטיל געשאָקעלט אַהין און אַהער אין דעם לופט־צוג; דאָס שטילע ווינטעל האָט זיך געטהאָן דאָס זייניגע און געטראָגען בליטהען־שטויב פון צווייג צו צווייג; דער גאַנצער וואַלד איז געשטאַנען אין הוילער ענטציקונג. אַ גרינער בוים־וואָרים וואַנדערט איבער אַ צווייג, וואַנדערט אָהן אַן אָבהאַלט, אָקוראַט ווי ער וואָלט ניט געקענט רוהען. ער זעהט כמעט גאָרנישט, כאָטש ער האָט אויגען; אָפּטמאָל הויבט ער זיך אויף און טאַפּט אין דער לופטען, אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטען; ער זעהט אויס ווי אַ קורצער, גריינער פאָדים, וואָס נעהט מיט לאַנגזאַמע שטעך אַ זוים אין דער לייננ פון'ם צווייג. ביז'ן אָבענד וועט ער אפשר צוקומען אַהין, וואוהין ער וויל.

שטיל, אימער שטיל. איך שטעה אויף און געה, כ'זעץ זיך אַנידער און שטעה ווידער אויף; ס'איז אונגעפּעהר פיער אַזייגער; אַז עס וועט זיין זעקס אַזייגער, וועל איך געהן אַהיים און זעהן, צי וועל איך ניט בעגעגענען וועמען עס איז. ס'בלייבען מיר נאָך צוויי שעה צו וואַרטען, און איך בין שוין אַביסעל אונרוהיג און באַרשט אָב קראָפּעווע און בלאָטע פון מיינע קליידער. כ'קען גוט די וועגען, אויף וועלכע איך געה, בוימער און שטיינער שטעהען דאָרט ווי פריהער איינזאַם און אַליין, די בלעטער מאַכען אַ גערויש אונטער מיינע פיס. דער מאָנאָטאָנער גערויש און די בעקאַנטע בוימער און שטיינער זייינען ניט קיין קלייניגקייט פאַר מיר; איך בין פול מיט אַ מאָדנער דאַנקבאַרקייט; אַלעס לאָזט זיך מיט מיר אַריין, מישט זיך אויס אינאיינעם מיט מיר, איך ליעב אַלצדינג. כ'נעהם אַ טרוקענעם צווייג און האַלט איהם אין דער האַנד און בעטראַכט איהם, בעת ווען איך זיץ אַזוי און קלעהר מכח מיינע עסקים. דער צווייג איז כמעט אין גאַנצען פערפוילט, זיין אָרעמע קאָרע מאַכט אַ טיעפען רושם אויף מיר, מיין האַרץ צוגעהט פון רחמנות. און אַז איך שטעה אויף און לאָז זיך געהן ווייטער, שליידער איך דעם צווייג ניט אַוועק ווייט פון מיר, נאָר איך לייג איהם אַנידער אויף דער ערד און כ'שטעה און קלייב נחת פון איהם; ענדליך גיב איך צום לעצטען מאָל נאָך אַ קוק אויף איהם מיט פייכטע אויגען, איידער איך לאָז איהם דאָרט איבער.

און עס ווערט פֿינף אַזייגער. די זונן ווייזט מיר ניט די ריכ־טיגע צייט; כ'בין דעם גאַנצען טאָג געגאַנגען צו מערב צו און מיין זונען־זייגער, וועלכען איך פֿלעג אָנשטעלען לויט די זונען־צייכענס ביי מיין שטיבעל, האָט געמוזט איינלויפֿען אפשר מיט אַ גאַנצע האַלבע שעה. דאָס אַלעס ליגט מיר גוט אין זינען; נאָר ניט קוקענ־דיג דערויף האָב איך דאָך נאָך אַלץ אַ שטונדע ביז זעקס אַזייגער, דערום שטעה איך ווידער אויף און געה אָב אַ גאַנצע שטרעקע. און די בלעטער רוישען אונטער מיינע פֿיס. אַזוי פֿערגעהט אַ שעה צייט.

אונטער מיר זעה איך דאָס קליינע טייכעל און די קליינע מיהל, וועלכע איז ווינטער געוועזען פֿערפֿראָרען, און דאַן בלייב איך שטעהן; די מיהל געהט, איהר גערויש וועקט מיך; איך בלייב שטעהן אַ רגע, און מיט איין מאָל! ס'איז צו שפּעט! רוף איך זיך אָב הויך אויף'ן קול. אַ וועהטאָג געהט מיר אַריבער איבער'ן גאַנצען לייב, איך קעהר זיך גלייך אויף'ן שטעל אום און לאָז זיך געהן אַהיים, אָבער דערביי ווייס איך גאַנץ גוט, אַז איך האָב זיך פֿערשפּעטיגט; איך הויב אָן גיכער געהן, לויפֿען; עזאָפּ פֿערשטעהט, אַז עס געהט דאָ אין וואָס עס איז; ער ציהט דעם שטריק, שלעפּט מיך מיט, וואויעט און האָט אויך קיין צייט ניט. די טרוקענע בלעטער פֿליהען אַרום איבער אונז. נאָר אַז מיר זיינען אַרונטערגעקומען צום ברעג וואַלד, איז קיינער ניט געווען דאָרט, ניין, אַלעס איז געווען שטיל, ס'איז קיינער דאָרט ניט געווען.

קיינער איז ניטאָ! רוף איך זיך אָב. און ס'איז דאָך נאָך אַלעמען ניט געווען קיין ערגערעס ווי דאָס, וואָס איך האָב ערוואַרט.

אָבער איך האָב ניט געמאַכט קיין שהיות, נאָר געצויגען פֿון אַלע מיינע געדאַנקען, בין איך אַריבער מיין שטיבעל, אַ־ונטער נאָך סירילונד, האַק און פּאַק מיט עזאָפּ'ן, מיט דער יאַגד־טאַש און מיט'ן ביקס און מיט אַלע מיינע קלאַפּער־געצייג.

הערר מאַק האָט מיך אויפֿגענומען מיט דער גרעסטער פֿריינד־ליכקייט און מיך פֿערבעטען צו זיך אויף נאַכטמאָהל.

---

## VII.

איך מיין, אַז איך קען אַביסעל אַריינקוקען און לייענען אין די נשמות פֿון די מענשען, וועלכע געפֿינען זיך אַרום מיר; נאָר אפשר האָב איך אַ טעות אין דעם. אָה! ווען איך בין נור גוט אויפֿגעלייגט, דאַן קומט מיר פֿאָר, אַז איך קען אריינקוקען טיעף צו די מענשען אין די נשמות, כאָטש איך בין גאָר ניט אַזאַ מי־ניסטער־קאָפּ. מיר זיצען צוזאַמען אין אַ שטוב, אַ פאָר מענער, עטליכע פֿרויען און איך, און מיר דוכט זיך עפעס, איך זעה וואָס עס טהוט זיך סאַמע אינעווייניג ביי די דאָזיגע מענשען, און וואָס זיי דיינקען וועגען מיר. אין יעדען פינטעל פֿון זייערע אויגען לייען איך וואָס עס איז; צייטענווייז קומט זיי דאָס בלוט אַרויף אין די באַקען און זיי ווערן רויט; דאַן מאַכען זיי זיך כלומר׳שט, ווי זיי וואָלטען גאָר געקוקט אין אַן אַנדער זייט און לאָזען מיך פֿונדעסט־וועגען ניט אַרויס פֿון אויג. דאַן זיץ איז אַזוי און בעטראַכט אַלצ־דינג, און קיינעם קומט גאָר אויף׳ן זינען ניט אַרויף, אַז איך קוק דורך יעדע זעעלע. עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָב איך געגלויבט, אַז איך קען לייענען וואָס עס טהוט זיך ביי אַלע מענשען אין די נשמות. נאָר פֿילייכט איז דאָס ניט אַזוי, אפשר האָב איך אַ טעות אין דעם...

איך בין דעם גאַנצען אָבענד געבליבען ביי הערר מאַק אין הויז. כ׳האָב דאָך אייגענטליך געקענט גלייך אַוועקגעהן פֿון דאָרט, ס׳איז דאָך פאַר מיר גאָר קיין שום אינטערעס ניט געווען דאָרט צו זיצען, נאָר — צי בין איך דען ניט געקומען, מחמת אַלע מיינע געדאַנקען האָבען מיך געצויגען אַהין? און ווי האָב איך אַלזאָ

געקענט גלייך אַוועקגעהן פֿון דאָרט? מיר האָבען געשפּיעלט ווהיסט און נאָך'ן עסען האָבען מיר געטרונקען פּונש; איך האָב זיך גע־זעצט מיט'ן רוקען אַנטקעגען צימער און אָנגעבויגען דעם קאָפּ; הינטער מיר איז עדוואַרדאַ אַרויס און אַריינגעגאַנגען. דער דאָקטאָר איז ווידער געווען אַוועקגעפֿאָהרען.

הערר מאַק האָט מיר געוויזען די איינריכטונג פֿון זיינע נייע לאָמפּען, די ערשטע קעראָסין־לאָמפּען, וואָס זיינען געקומען פֿון גאַנץ ווייט, שעהנע, גרויסע לאָמפּען אויף בלייענע פֿים; ער אַליין פֿלעגט זיי יעדען אָבענד אָנצינדען, כדי אויסצומיידען יעדען אונ־גליק. ער האָט אַ פּאָר מאָל געררעדט וועגען זיין זיידען, דעם קאָנ־זול: מיין זיידע קאָנזול מאַק האָט אָט די שפּילקע געקראָגען פֿון קעניג קאַרל יאָהאַן'ס אייגענע הענד, האָט ער געזאָגט און דערביי האָט ער אָנגעוויזען אויף זיין דימענטענער שפּילקע. זיין פֿרוי איז געווען טויט; אין אַ זייטען־שטוב האָט ער מיר געוויזען אַן אייל־בילד איהרס, אַ בכבוד'יגע פֿרוי מיט אַ בלאָנדער הויב און מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל. אין'ם זעלבען צימער איז אויך געשטאַנען אַ ביכער־שאַפֿע, וואו עס זיינען זאָגאַר געווען פֿראַנצויזישע ביכער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי גע'ירש'ענטע; די איינבאַנדען זיינען געווען פֿיין און בעגילדעט, און וויפֿיעל בעלי בתים זיי האָבען גע־האַט, אַזוי פֿיעל האָבען דאָרט זייערע נעמען אַריינגעשריבען. צווי־שען די ביכער זיינען אויך געווען אויפֿקלעהרענדע שריפֿטען; הערר מאַק איז געווען אַ דיינקענדער מאַן.

זיינע ביידע קאָמיס האָבען געמוזט אַריינגערופֿען ווערן צום ווהיסט; זיי האָבען געשפּיעלט לאַנגזאַם און ניט זיכער, האָבען געצעהלט און אויסגערעכענט און פֿונדעסטוועגען פֿאַרט געמאַכט פֿעהלערן. איינעם פֿון זיי האָט עדוואַרדאַ אַרויסגעהאָלפֿען.

איך האָב איבערגעקעהרט מיין גלאָז; כ'בין געווען גאַנץ צו־מישט דערפֿון און איך האָב זיך אויפֿגעהויבען פֿון אָרט.

„אַה, וואָס זאָגט איהר דערצו? אָט האָב איך גאָר אומגע־וואָרפֿען מיין גלאָז,“ האָב איך זיך אָבגערופֿען.

עדוואַרדאַ האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און גע־ענטפֿערט:

„נו יאָ, דאָס זעהען מיר יערענפאַלס."

אַלע האָבען מיך מיט אַ לאַבענדען טאָן פערזיכערט, אַז דאָס מאַכט גאָרנישט אויס. כ'האָב געקראָגען אַ האַנדטוך, זיך דערמיט אָבצוּאוּוישען, און מיר האָבען זיך ווידער גענומען שפּיעלען. ס'איז געוואָרען עלף אַזייגער.

אַ פינסטערער, מרה-שחורה'דיג געפיהל האָט מיך דורכגענומען, בעת עדוואַרדאַ האָט זיך צולאַכט; כ'האָב אַ קוק געטהון אויף איהר און געפונען, אַז איהר געזיכט זאָגט גאָרנישט און איז גאָר ניט אַזוי שעהן. הערר מאַק האָט ענדליך געמאַכט אַ סוף צום שפּיעלען מיט דעם אויסרייד, אַז די צוויי קאָמים מוזען געהן שלאָפען; דאַן האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן רוקען אָן דער זאָפאַ און אָנגעהויבען ריידען מכח דעם, אַז ער וויל לאָזען אָנשלאָגען אַ שילד אויף דער טהיר פון זיין שפּייכלער און האָט ביי מיר געפרעגט אַן עצה, וואָס פאַר אַ פאַרב ער זאָל דערצו נעהמען? כ'האָב זיך געלאַנגווײלט, געזאָגט שוואַרץ, סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, ניט נאָכדיינקענדיג דעריבער; און גלייך נאָכדעם האָט זיך אויך הערר מאַק אָבגערופען:

„שוואַרצע פאַרב; כ'האָב אויך אַזוי געטראַכט. „סקלאַד פון זאַלץ און ליידיגע פעסער", מיט דיקע, שוואַרצע בוכשטאַבען, דאָס איז שעהנער פון אַלצרינג... עדוואַרדאַ, ווילסט נאָך גאָר ניט געהן שלאָפען?"

עדוואַרדאַ איז אויפגעשטאַנען, האָט אונז ביידען דערלאַנגט די האַנד, געזאָגט גוטע נאַכט און איז אַרויס פון צימער. מיר זיינען געבליבען אַליין. מיר האָבען גערעדט מכח דער אייזענבאַהן, וועלכע איז פאַר אַ יאָהרען פאַרטיג געוואָרען, מכח דער ערשטער טעלעגראַפען-ליניע. גאָט ווייס, ווען מיר וועלען אַמאָל האָבען דעם טעלעגראַף דאָ אין נאָרד-לאַנד! פויזע.

„זעהט איהר," האָט הערר מאַק געזאָגט, „איך בין שוין פאַוואָ-ליע זעקס און פערציג יאָהר אַלט, מיט גראָע האָר און מיט אַ גראָ-ען באָרד. יאָ, יאָ, איך פיהל, אַז איך בין אַלט געוואָרען. איהר זעהט מיך ביי טאָג און איהר מיינט, איך בין יונג; נאָר אַז די נאַכט קומט און איך בין אַליין, דאַן בלייב איך אָהן כחות. דאַן זיץ איך

דאָ אין צימער און לייג אוים קאָרטען. מיט אַביסעל קונקעל־מונקעל קומען זיי לייכט אַרויס. האַהאַ."

„די גוטע קאָרטען, הייסט עס, קומען מיט קונקעל־מונקעל אַרויס?" האָב איך געפֿרעגט.

„יאָ."

מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געקענט לייענען ביי איהם אין די אויגען.

ער איז אויפֿגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און האָט אַרויסגעקוקט; ער איז געשטאַנען מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען און זיין האַלז און נאַקען זיינען געווען בעדעקט מיט האָר. איך בין אויך אויפֿגעשטאַנען. ער האָט זיך אומגעדרעהט און איז מיר אַנטקעגען געקומען אויף זיינע לאַנגע, שפּיציגע שיך; ער האָט אַריינגעשטעקט די גראָבע פֿינגער פֿון זיינע הענד אין די וועסט־טאַשען און האָט געקלאַפּט מיט די אָרעמס, אַזוי ווי מיט פֿליגלען; אין דערזועלבער צייט האָט ער אַ שמייכעל געטהאָן. דערנאָך האָט ער מיר ווידער אָנגעבאָטען אַ שיפֿעל אַרויסצורודערן אין ים און כאַפּען פֿיש און האָט מיר דערלאַנגט די האַנד.

„ערלויבט מיר, איך זאָל אייך בעגלייטען אַביסעל," האָט ער זיך מיט אַמאָל אָבגערופֿען און האָט פֿערלאָשען די לאָמפּען. „יאָ, כ'וועל נאָך מאַכען אַ קליינעם שפּאַציר, ס'איז נאָך ניט שפּעט."

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען.

ער האָט אָנגעוויזען אויף'ן וועג, וואָס האָט געפֿיהרט פֿערביי דער שמיעדעריי, און האָט געזאָגט:

„דער וועג! דאָס איז דער קירצסטער."

„ניין," האָב איך געזאָגט, „דער וועג פֿערביי די שפּייכלערס איז דער קירצסטער."

מיר האָבען זיך געאַמפּערט אַ ווײַלע, אָהן דעם מיר זאָלען זיך איינינגען דעריבער. איך בין געווען איבערצייגט, אַז איך בין גערעכט, און איך האָב גאָר ניט געקענט פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי איינגעשפּאַרט. ענדליך האָט ער פֿאָרגעשלאָגען, יעדער איינער זאָל זיך געהן זיין אייגענעם וועג; ווער עס וועט אָנקומען אַפֿריהער, זאָל וואַרטען ביים שטיבעל.

מיר האָבען געגומען געהן, ער איז באַלד פֿערשוואונדען אין וואַלד.

איך בין זיך געגאַנגען מיין געוועהנליכען גאַנג און האָב אויס-גערעכענט, אַז איך מוז אָנקומען וויינינגסטענס פֿינף מינוטען פֿריהער פֿאַר איהם, נאָר אַז איך בין צוגעקומען צום שטיבעל, איז ער שוין געשטאַנען דאָרט. ער האָט מיר אַנטקעגען געשריען:

„נו, זעהט איהר שוין! איך געה שטענדיג מיט דעם וועג, ס'איז ווירקליך דער קירצסטער."

מיט פֿערוואונדערטע בליקען האָב איך איהם בעטראַכט, ער איז גאָר ניט געווען פֿערשוויצט און ס'האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרנישט געלאָפֿען. ער האָט זיך גלייך אָבגעזעגענט מיט מיר, מיר געדאַנקט פֿאַר מיין בעזוך און איז אוועק צוריק מיט דעם זעלבען וועג, וואָס ער איז געקומען.

איך בין געבליבען שטעהן און האָב געטראַכט ביי זיך: ווי מאָדנע דאָס איז! איך זאָל ניט זיין קיין מבין אויף וויטקייטען, און איך בין, דוכט זיך, שוין שעהנע עטליכע מאָל געגאַנגען מיט אָט דיביידע וועגען. ליעבער מאַן, דו מאַכסט שוין ווידער קונקעל-מונקעל! צי איז די גאַנצע מעשה ניט געווען אַ תירוץ, אַן אויס-רייד פֿאַר וואָס עס איז?

כ'האָב געזעהן, ווי זיין רוקען פֿערשווינדט ווידער אַמאָל אין וואַלד.

אין אַ רגע אַרום האָב איך איהם געגומען נאָכגעהן, פֿאָרזיכ-טיג און שנעל; כ'האָב געזעהן, ווי ער ווישט זיך כסדר דאָס געזיכט און איך האָב אַלזאָ ניט געקענט וויסען, צי איז ער פֿריהער פֿאָרט ניט געלאָפֿען. איצט איז ער געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, כ'האָב איהם ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג און געזעהן, ווי ער איז געבליבען שטעהן לעבען דעם שמיער'ס הויז. כ'האָב זיך בעהאַלטען און געזעהן, אַז די טהיר האָט זיך געעפֿענט און הערר מאַק איז אַריין אינעווייניג אין הויז.

ס'איז געווען איינס אַזייגער. כ'האָב עס דערקענט אָן'ם ים און אָן דעם גראָז.

---

## VIII.

עטליכע טעג זיינען אַזוי אַריבער, מיין איינציגער פריינד א־
געוועזן דער וואַלד און זיין גרויסע איינזאַמקייט. גאָט מיינער, כ'האָב
דוכט זיך, קיינמאָל אַזוי שטאַרק ניט געוואונשען צו זיין אַליין, ווי
אין דעם ערשטען פון די דאָזיגע טעג. ס'איז געוועזן פולער פריה־
לינג, כ'האָב געפונען פריהלינג־פלאַנצען און קרייטיכער אויף
אַקער, און די זינג־פייגעל זיינען געקומען, כ'האָב געקענט אַלע
פייגעל. צייטענווייז פלעג איך אַרויסנעהמען צוויי פיער־און־צוואַנציג־
שילינג־שטיקער פון טאַש און קלינגען דערמיט, כדי איבערצושלאָ־
גען די איינזאַמקייט. כ'האָב געקלערט ביי זיך: ווי וואָלט אַשטיי־
נער געוועזן, ווען דידעריק און איזעלין וואָלטען אַצונד אַהער געקומען!

איצט האָט שוין מעהר ניט געוואָלט ווערן נאַכט; די זונן
האָט זיך בלויז טובל געווען אין ים און איז דערנאָך ווידער אַרויפ־
געקומען, רויט, יונג, אַקוראַט ווי זי וואָלט געווען אונטען און זיך
דאָרט אָנגעטרונקען. ווי וואונדערליך ס'איז מיר געווען ביינאַכט,
דאָס וועט קיין מענש ניט גלויבען. וואָס ישע, איז פאַן, דער
גאָט פון דער נאַטור, געזעסען אין אַ בוים און האָט זיך צוגעקוקט
צו מיר, ווי איך וועל זיך בענעהמען? און איז זיין בויך געווען
אָפען, און איז ער געווען אַזוי צונויפגעקאָרטשעט, אַז ער איז גע־
זעסען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געטרונקען פון זיין אייגענעם מאָ־
גען? אָבער אָט דאָס אַלעס האָט ער דאָך בלויז געטהון, כדי צו
זענען וואָרפען גנב'ישע בליקען און מיך צו האַלטען אין אויג, און
דער גאַנצער בוים האָט געציטערט פון זיין שטילען געלעכטער,
ווען ער האָט געזעהן, ווי פערזונקען איך בין אין מיינע געדאַנקען.

איבעראַל אין וואַלד האָט עס געדווישט און געזשומעט; חיות האָבן געסאָפּעט, פֿייגעל האָבן גערופֿן איינע די אַנדערע, זייערע סיגנאַלען האָבן אָן עפּילט די לופֿט. דער מאַי-זשוק האָט געהאַט זיין פֿליה-צייט; זיין אַרומפֿלאַטערן האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם אַרומפֿלאַטערן פֿון׳ם נאַכט-שמעטערלינג; ס׳האָט געקלונגען ווי אַ שושקעריי אַהער און אַ שושקעריי אַהין אין גאַנצען וואַלד. וואָס האָט מען דאָ נים געקענט הערען! דריי נעכט בין איך נים געשלאָפֿען, כ׳האָב געטראַכט פֿון דידעריק און איזעלין.

קוק זיך אַקאָרשט אום, האָב איך געקלעהרט, זיי קענען נאָך קומען. און איזעלין וועט פֿערנאַ־ען דידעריק׳ן צו אַ בוים און איהם זאָגען:

בלייב דאָ, דידעריק, גיב אַכטונג, האַלט וואַך איבער איזעלין,
דער יעגער דאָרט זאָל מיר דאָס שוך-בענדעל צובינדען.

און דער יעגער, דאָס בין איך; און זי וועט מיר אַ וואונק געבען מיט די אויגען, אַז איך זאָל עס פֿערשטעהן. און ווי זי קומט נור, פֿערשטעהט שוין מיין האַרץ אַלצדינג, און ס׳שלאָגט שוין נים מעהר, נאָר עס קלינגט ווי אַ שטורם-גלאָק. און אונטער איהר לייווענטענעם מאַנטעל איז זי נאַקעט פֿון קאָפּ ביז די פֿים, און איך ריהר זי אָן מיט מיין האַנד.

בינד מיר צו דאָס שוך-בענדעל! זאָגט זי מיט רויט-געוואָרענע באַקען.

און גלייך נאָכדעם שעפּטשעט זי מיר אַריין אין מויל אַריין, אויף מיינע ליפּען: אָה, דו בינדסט מיר, הייסט עס, נים צו דאָס שוך-בענדעל, דו געליעבטער מיינער, ניין, דו בינדסט עס נים צו... בינדסט נים צו דאָס...

אָבער די זונן האָט זיך אָבגע׳שובל׳ט אין ים און איז דערנאָך ווידער אַרויפֿגעקומען, רויט, יונג, אָקוראַט ווי זי וואָלט געוועזען אונטען און זיך דאָרט אָנגעטרונקען. און די לופֿט איז פֿול מיט שושקעריי.

אין אַ שעה אַרום זאָגט זי מיר ווידער אין מויל אַריין:
אַצונד מוז איך דיך פֿערלאָזען.

און זי ווינקט מיר צו, בעת זי געהט אַוועק, און איהר פּנים פֿלאַמט נאָך, איהר פּנים איז צערטליך און מחיה׳דיג. און ווידעראַמאָל קעהרט זי זיך אום און מאַכט מיט דער האַנד.

אָבער דידעריק טרעט אָב פון בוים, קומט צו צו איהר און זאָגט:
איזעלין, וואָס האָסט דו געטהאָן? כ'האָב עס געזעהן.
זי ענטפערט:
דידעריק, וואָס האָסט דו געזעהן? כ'האָב דאָך גאָרנישט געטהאָן.
איזעלין, איך האָב געזעהן, אַז דו האָסט עס געטהאָן, זאָגט ער ווייטער. כ'האָב עס געזעהן, איזעלין.
דאָ הילכט איהר הויך און פרעהליך געלעכטער אָב איבער'ן גאַנצען וואַלד, און זי געהט אַוועק מיט איהם, הוליענדיג און זינדיג פון קאָפּ ביז די פיס. און וואוהין געהט זי? צו אַן אַנדער בחור, אַ יעגער אין וואַלד.

ס'איז געוועזן האַלבע נאַכט. עזאָפ האָט זיך אויסגעריסען און איז אַרוים אויף זיין איינענער יאַגד; כ'האָב איהם געהערט בילען אויבען אויף'ן באַרג, און אַז איך האָב איהם ענדליך געהאַט צוריק לעבען זיך, איז שוין געוועזן איינם אַזייגער. אַ פאַסטושקע, אַ יונג מיידעל, איז געגאַנגען איבער'ן וועג; זי האָט געשטריקט אַ זאָק, זיך צוגעזונגען אַ ליעדעל און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען. אָבער וואו איז פאָרט איהר סטאַדע? און וואָס האָט זי צו טהאָן נאָך האַלבע נאַכט אין וואַלד? גאָרנישט, גאָרנישט. מחמת אונרוהיגקייט, און אפשר מחמת פרייד. כ'האָב געקלערט ביי זיך: זי האָט אַוודאי געהערט עזאָפ'ס בילען און האָט געוואוסט, אַז איך בין אין וואַלד.
אַז זי איז צוגעקומען, בין איך אויפגעשטאַנען און האָב זי אָנגעקוקט. עזאָפ איז אויך געשטאַנען און האָט געקוקט אויף איהר.
„פון וואַנען קומסט דו?" האָב איך איהר אַ פרעג געטהאָן.
„פון דער מיהל," האָט זי געענטפערט.
אָבער וואָס האָט זי אַזוי שפעט ביינאַכט געקענט האָבען צו טהאָן אין מיהל?
„ווי אַזוי קענסט דו זוך דערוועגען אַזוי שפעט ביינאַכט אַרומ-געהן דאָ אין וואַלד," האָב איך זיך אָבגערופען, „דו, וואָס דו ביסט אַזוי צאַרט און יונג?"
זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געענטפערט:
„איך בין גאָר ניט אַזוי יונג, כ'בין שוין נײַנצעהן יאָהר."

אָבער זי האָט ניט געקענט זיין קיין ניינצעהן יאָהר; איך בין איבערצייגט, אַז זי האָט זיך צוגעלייגט גאַנצע צוויי יאָהר און איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר, ניט מעהר. אָבער נאָך וואָס האָט זי געדאַרפט זאָגען אַ ליגען און זיך מאַכען עלטער ווי זי איז געווען?

„זעץ זיך," האָב איך געזאָגט, „און דערצעהל מיר, ווי דו הייסט."

און רויט ווערענדיג האָט זי זיך אַנידערגעזעצט לעבען מיר און געזאָגט אַז זי הייסט הענריעטע.

איך האָב געפרעגט: „האָסט אַ געליעבטען, הענריעטע, און האָט ער דיך שוין אומאַרמט?"

„יאָ," האָט זי געענטפערט און אַ שמייכעל געטהאָן אין פערלעגענהייט.

„ווי אָפט שוין?"

זי שווייגט.

„ווי אָפט?" האָב איך ווידער אַמאָל געפרעגט.

„צוויי מאָל," האָט זי געזאָגט שטילערהייט.

כ'האָב זי צוגעצויגען צו מיר און געפרעגט:

„ווי האָט ער געטהאָן? האָט ער געטהאָן אַזוי?"

„יאָ," האָט זי געשעפטשעט, ציטערנדיג מיט'ן גאַנצען קערפער. ס'איז געוואָרען פיער אזייגער.

---

## IX.

כ'האָב געהאַט אַ געשפּרעך מיט עדוואַרדאַ'ן:

„ס'וועט באַלד רעגענען," האָב איך זיך אָבגערופֿען.

„ווי שפּעט איז איצט?" האָט זי געפֿרעגט.

כ'האָב אַ קוק געטהון אויף דער זונן און געענטפֿערט:

„אַרום פֿינף."

זי האָט געפֿרעגט:

„וואָס זשע, איהר קענט עס אַזוי גענוי זעהן אויף דער זונן?"

„יאָ," האָב איך געענטפֿערט, „כ'קען עס."

פּויזע.

„אָבער אַז איהר זעהט נ י ט די זונן, ווי אַזוי קענט איהר דאַן וויסען, ווי שפּעט עס איז?"

„דאַן האָב איך אַנדערע זאַכען, וועלכע זאָגען עס מיר. דאַן זיינען עס דער צופֿלוס און אָבפֿלוס פֿון'ם וואַסער ביים ברעג ים, דאָס גראָז, וואָס לייגט זיך צו אַ בעשטימטער שעה, דער געזאַנג פֿון די פֿייגעל, וועלכער בייט זיך; אַ טהייל הויבען אָן זינגען, ווען די אַנדערע הערען אויף. דאַן זעה איך די צייט אָן די בלומען, וועלכע שליסען זיך נאָכמיטאָג, אָן די בלעטער, וואָס אָט זיינען זיי העל-גרין, אָט דונקעל-גרין; אַחוץ דעם האָב איך עס אין געפֿיהל."

„ווירקליך?" האָט זי געזאָגט.

כ'האָב געוואוסט, אַז עס וועט באַלד אָנהויבען רעגענען און איך האָב דערום ניט געוואָלט לייגער אויפֿהאַלטען עדוואַרדאַ'ן אין מיטען וועג; האָב איך אַרויפֿגעלייגט די האַנד אויף מיין היטעל

צו נעהמען אָבשיעד פֿון איהר. אָבער דאָ האָט זי מיך פלוצלינג פֿערהאַלטען מיט אַ נייער פֿראַגע, און איך בין געבליבען שטעהן׳ זי איז רויט געוואָרען און האָט מיך געפֿרעגט, פֿאַרוואָס איך בין אייגענטליך דאָ, פֿאַרוואָס איך געה אויף דער יאַגד, פֿאַרוואָס דאָס און פֿאַרוואָס יענעס. איך שיס נור דאָס, וואָס איך מוז האָבען זיך צו ערנעהרען, האָב איך געזאָגט, עזאָפ מוז זיך אויסרוהען.

זי איז געוואָרען רויט און צוטראָגען. איך האָב געזעהן, אַז אי־מיצער האָט וועגען מיר גערעדט, און אַז זי האָט עס געהערט; דאָס איז ניט געקומען פֿון איהר אַליין. מיט אַמאָל האָט זי אין גאַנצען צורייצט מיין שטימונג, זי האָט אויסגעזעהן אַזוי פֿערלאָזען, ס׳איז מיר אַרויף אויף׳ן זינען, אַז זי האָט קיין מוטער ניט, איהרע מאָגערע אָרעמס האָבען איהר געגעבען אַ פֿערנאַכלעסיגטען אויס־זעהן. דאָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיעפֿען רושם.

נו יאָ, איך שיס ניט, כדי צו טויטען, איך שיס, כדי צו לע־בען. היינט דאַרף איך האָבען בלויז איין וואַלד־הוהן, דערפֿאַר שיס איך ניט צוויי, נאָר איך שיס דאָס אַנדערע מאָרגען. נאָך וואָס זאָל איך שיסען מעהר וויפֿיעל איך דאַרף? איך לעב אין וואַלד, כ׳בין אַ זוהן פֿון׳ם וואַלד; דעם ערשטען יוני הויבט זיך אָן די צייט, ווען אויך די האָזען און די שנעע־היהנער דאַרפֿען געשוינט ווערן; דאַן וועל איך כמעט גאָרנישט מעהר האָבען וואָס צו שי־סען, גוט, דאַן וועל איך זיך אַרויסלאָזען מיט מיינע נעצען און לע־בען פֿון פֿיש. איהר פֿאָטער וויל מיר געבען אַ שיפֿעל, מיט וועל־כען איך זאָל קענען אַרויסרודערן אין ים. על כל פנים בין איך ניט קיין יעגער, בלויז כדי צו שיסען, נאָר אום צו לעבען אין וואַלד. דאָרט אין וואַלד איז מיר וואויל ווי די וועלט; אויף דער ערד גרייט איך מיר צום טיש און איך זיץ מיר ווי מיר פאַסט, ניט אויף אַ שטוהל, גלייך און אויסגעשטרעקט ווי אַ ליכט; כ׳קעהר דאָרט קיין גלאָז ניט איבער. אין וואַלד פֿעהלט מיר קיין זאַך ניט, כ׳קען זיך לייגען אויף׳ן רוקען און צומאַכען די אויגען, ווען איך וויל; דאָרט קען איך אויך זאָגען וואָס איך וויל. מ׳ען קען גאָר אָפֿט וועלען זאָגען וואָס עס איז, ריידען הויך אויף׳ן קול, און עס קלינגט ווי אַ רעדע פֿון טיעפֿען האַרצען אין וואַלד...

אַז איך האָב איהר געפרעגט, צי זי פערשטעהט דאָס, האָט זי געענטפערט יאָ.

האָב איך ווייטער גערעדט, מחמת זי האָט פון מיר קיין אויג ניט אַראָבגענומען. „ווען איהר וואָלט געוואוסט, מיט וואָס איך זעה זיך דאָס אַלעס אָן דאָרט אויף די פעלדער," האָב איך געזאָגט. „ווינטער, למשל, קום איך צו געהן און זעה די שפור פון דער שנעע־הוהן אין שנעע. מיט אַמאָל — ניטאָ קיין שפורען, דער פויגעל איז אַוועקגעפלויגען. אָבער נאָך'ן אָבדרוק פון די פליגלען קען איך זעהן, אין וואָס פאַר אַ זייט דער פויגעל איז אַוועקגעפלויגען, און אין אַ ווײלע אַרום האָב איך איהם געפונען. דאָס איז יעדעס מאָל עפּעס נייעס פאַר מיר. אָסיען-צייט זעהט מען גאָר אָפט די מעטעאָרען, די פליהענדע שטערען. וואָס זשע, טראַכט איך מיר דאַן אין מיין איינזאַמקייט, אָט אַפנים ס'איז אַ וועלט, וואָס האָלט זיך ביים פונאַנדערטרייסלען? אַ וועלט, וואָס צופאַלט גראָד פאַר מיינע אויגען אין שטיקער? און מיר — מיר איז אַפנים בעשעהרט צו זעהן, ווי אַ שטערן פאַלט אַראָב פון הימעל! נאָר אַז דער זומער קומט אָן, דאַן געפינט זיך פיליכט אויף יעדען בלאַט אַ קליינטשיק, לעבעדיג חיה'לע; איך קען זעהן, אַז אַ טהייל פון זיי זיינען אָהן פליגלען, זיי קענען זיך ניט ריהרען פון אָרט, זיי מוזען לעבען און שטאַרבען אויף'ן קליינעם בלעטעל, וואו זיי זיינען געקומען אויף דער וועלט. בערעכענט פאָרט! צייטענווייז זעה איך די בלויע פליעג. יאָ, אָט דאָס אַלעס הערט מען אַזוי ווייניג, כ'ווייס ניט, צי איהר פערשטעהט עס."

„געוויס —, געוויס פערשטעה איך עס."

„יאָ, יאָ, און צייטענווייז קוק איך אויף'ן גראָז, און דאָס גראָז קוקט אפשר אויף מיר; ווער קען וויסען? כ'זעה אָן איינצעלנעם גראָז־שטעקעל, עס טהוט פיליכט אַ ציטער, און מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז עפּעס; איך קלעהר ביי זיך: דאָ שטעהט אַלזאָ דאָס דאָזיגע גראָז-שטעקעל און ציטערט! און שטעל איך זיך אָב לעבען אַ סאָסנע, זי צו בעטראַכטען, דאַן האָט זי פיליכט אַ צווייג, וועלכער גיט מיר אויך אַביסעל צו דיינקען. אָבער צייטענווייז טרעף איך אויך מענשען דאָרט אויף די בערג, דאָס קומט פאָר."

כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר, זי איז געשטאַנען אָנגעבויגען און האָט זיך צוגעהערט. כ'האָב זי פּשוט ניט דערקענט. זי איז געווען אַזוי פערטיעפט אין מיינע רייד, אַז זי האָט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אייף זיך, נאָר איז געשטאַנען מיאוס, אָבגעלאָזען; איהר אונטערשטע ליפּ איז שטאַרק אַראָבגעהאַנגען.

„יאָ, יאָ,“ האָט זי געזאָגט און האָט זיך אויפגעשטעלט גלייך. די ערשטע רעגען־טראָפּענס זיינען געפאַלען.

„יאָ, זעהט, עס רעגענט טאַקע,“ האָט זי אויך געזאָגט און איז גלייך אַוועק.

כ'האָב איהר ניט בעגלייט אַהיים, זי איז זיך אַליין געגאַנגען איהר וועג, איך האָב זיך געלאָזט געהן שנעל צו מיין שטיבעל. עטליכע מינוטען זיינען אַריבער, ס'האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו רעגענען. מיט אַמאָל הער איך, ווי אימיצער לויפט מיר נאָך; כ'בלייב שטעהן און דערזעה עדוואַרדאַ'ן. פון אָנשטריינגונג איז זי רויט געוואָרען און האָט געלאַכט.

„כ'האָב זיך גאָר פערגעסען,“ האָט זי געזאָגט אָהן אַן אָטהעם, „וועגען דעם אויספאָהר צום פיש־אינזעל. דער דאָקטאָר קומט מאָרגען, האָט איהר צייט?“

„מאָרגען? נו יאָ, אַודאי האָב איך צייט.“

„כ'האָב זיך גאָר געהאַט פערגעסען אָן דעם,“ האָט זי ווידער געזאָגט און געשמייכעלט.

אַז זי איז אַוועק, זיינען מיר אַרויף אויף'ן זינען איהרע שלאַנקע, שעהנע פיס: ווי זיינען געווען נאַס ביז הויך אַרויף. איהרע שיך זיינען געווען אָבגעטראָטען.

## X.

איך קען זיך נאָך זעהר גוט דערמאָנען אָן אַ געוויסען טאָג. ס'איז געווען דער טאָג, אין וועלכען מיין זומער איז געקומען. די זונן האָט שוין ביי נאַכט אָנגעהויבען שיינען און ביז אין דער פריה האָט זי אויסגעטריקענט די פייכטע ערד; די לופט איז נאָך'ן לעצטען רעגען געוואָרען ווייך און פיין.

ס'איז געווען נאָכמיטאָג, ווען איך בין צוגעקומען צו דער לאַנדונגס־בריק. דאָס וואַסער איז זיך געלעגען גאַנץ שטיל, מיר האָבען געהערט געלעכטער און פלוידעריי פון דער אינזעל, וואו מענער און מיידלאַך זיינען געווען פערטהאָן מיט די פיש. ס'איז געווען אַ פרעהליכער נאָכמיטאָג.

יאָ, איז עס ניט געווען אַ פרעהליכער נאָכמיטאָג? מיר האָבען מיטגענומען מיט זיך קערב מיט וויין און עסען, אַ גרויסע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט זיך צוטהיילט אין צווויי שיפלאַך, יונגע ראַמען אין העלע קליידער. איך בין געווען אַזוי אויפגעלייגט, אַזוי צופריעדען, כ'האָב זיך שטילערהייט צוגעזונגען פאַר זיך.

אַז איך בין געזעסען אין שיפעל, האָב איך געקלעהרט ביי זיך, פון וואַנען האָבען זיי זיך דאָס געקענט נעהמען, אָט די אַלע יונגע מענשען. דאָ זיינען געווען די טעכטער פון'ם לאַנד־דאָקטאָר און פון'ם פערוואַלטער, אַ פּאָר גוּאווערנאַנטקעס, די דאַמען פון דעם קירך־בעצירק; איך האָב זיי נאָך ניט געהאַט געזעהן, זיי זיינען מיר געווען פרעמד, און דאָך אַזוי פערטרוייליך און צוגעלאָזען, אַקוראַט ווי מיר וואָלטען זיך שוין געקענט פון אַ לאַנגער צייט. איך האָב בעגאַנגען עטליכע פעהלערן, כ'בין פשוט ניט געוואוינט

נעווען אַרומצוגעהן מיט מענשען און איך האָב אָפּט געזאָגט „דו״ צו די יונגע דאַמען; אָבער מען האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט געהאַט. איינמאָל האָב איך געזאָגט: „ליעבע״ אָדער „מיינע ליעבע״, נאָר מען האָט מיר אויך דאָס ניט גענומען פאַר אומגוט און מען האָט זיך געמאַכט כלא ידע, פונקט ווי איך וואָלט עס גאָרנישט געזאָגט.

הערר מאַק האָט ווי געווערנליך געטראָגען אַ ניט-געפרעסט אויבער-העמד מיט דער דימענטענער שפילקע. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין זעהר גוט אויפגעלייגט און האָט אַריבערגעשריען צום אַנ־דערן שיפעל:

„גיט אַכטונג אויף די קערב מיט די פלעשער, איהר פער־ריקטע מענשען! דאָקטאָר, איהר וועט מיר דאַרפען צושטעלען די פלעשער, איהר הערט?״

„יאָ, יאָ,״ האָט דער דאָקטאָר אָבגעענטפערט. און נור אָט די צוויי קולות איבער׳ן ים, פון שיפעל צו שיפעל, האָבען פאַר מיר געקלונגען יום טוב׳דיג און פרעהליך.

עדוואַרדאַ האָט געטראָגען דאָס קלייד פון נעכטען, גלייך זי וואָלט קיין אַנדערס ניט געהאַט, אָדער קיין אַנדערס ניט געוואָלט אָנטהאָן. איהרע שיך זיינען אויך געווען דיזעלבע. מיר האָט זיך גע־דוכט, עפעס אַזוי ווי די הענד איהרע וואָלטען ניט געווען גאַנץ ריין; נאָר אויף׳ן קאָפּ האָט זי געטראָגען אַ שפּאָגעל נייעם פע־דער־הוט. איהר געפּאַרבט יאַקעל האָט זי מיטגענומען מיט זיך, כדי דערויף צו זיצען.

אויף הערר מאַק׳ס וואונש האָב איך אויסגעשאָסען מיין ביקס, בעת מיר זיינען אַרויף אויף דער יבשה; כ׳האָב אויסגעשאָסען צוויי מאָל, דאַן האָט מען געשריען הוררא. מיר זיינען אַרויף אויף דער אינזעל; די לייט, וועלכע זיינען געווען בעשעפטיגט מיט׳ן טרי־קענען די פיש, האָבען אונז אַלע בעגריסט, און הערר מאַק האָט פערבונדען אַ געשפּרעך מיט זיינע אַרבייטער. מיר האָבען געפונען שטערן-בלומען און ווילדע פלאַנצען, וועלכע מיר האָבען אַריינגע־שטעקט אין די קנאָפּ-לעכער; אַ טהייל האָבען געפונען גלאָקען־בלומען.

און מחנות פון ים־פייגעל האָבען געקוויטשעט און געשריען אין דער לופטען און ביים ברעג ים.

מיר האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ לאָנקע, וואו עס זיינען געשטאַנען עטליכע קרומע בעריאָזעווע בוימער מיט ווייסע קאָרע די קערב זיינען אויסגעפאַקט געוואָרען, און הערר מאַק האָט אויפגעפּענט די פלעשער. העלע קליידער, בלויע אויגען, דער קלאַנג פון גלעזער, דער ים, די ווייסע זעגלען. מיר האָבען אויך געזונגען.

און די באַקען האָבען זיך גערויטעלט.

אין אַ שעה אַרום זיינען מיינע געדאַנקען פול מיט פרייד; אויך קליינינקייטען ווירקען אויף מיר; אויף אַ הוט פלאַטערט אַ שלייער; אַ לאָק פאַלט פונאַנדער, צוויי אויגען פערמאַכען זיך ביים לאַכען, און איך ווער גערוהרט. אָט דער טאָג, אָט דער טאָג!

„כ׳האָב געהערט, איהר האָט אַ קליין, מאָדנע שטיבעל, הערר לייטענאַנט?"

„יאָ, אַ נעסט. גאָט, ווי דאָס איז מיר צום האַרצען! קומט אַמאָל אַריבער, פריילין, און בעזוכט מיך: פאַרהאַן בלויז איין שטיבעל אַזוינס. און הינטער׳ן שטיבעל איז אַ גרויסער וואַלד."

אַ צווייטע קומט צו און זאָגט פריינדליך:

„איהר זייט צום ערשטען מאָל דאָ אין נאָרדען?"

„יאָ," ענטפער איך. „אָבער איך קען שוין אַלצדינג, מיינע דאַמען. ביינאַכט שטעה איך אויף די בערג, פנים אל פנים אַנטקעגען דער ערד און דער זונן. איך וויל זיך ניט אַריינלאָזען אין קיין הויכער מליצה. נאָר אַ זומער האָט איהר דאָ! ער שפּראָצט אַרויס ביי נאַכט, ווען אַלע שלאָפען, און אין דער פריה איז ער דאָ. כ׳האָב אַרויסגעקוקט פון פענסטער און איך האָב איהם אַליין געזעהן. כ׳האָב צוויי קליינע פענסטער."

אַ דריטע קומט צו. זי איז בעצויבערענד מיט איהר שטימע און מיט איהרע קליינע הענטעלאך. ווי בעצויבערענד זיי זיינען דאָס אַלע געווען!

די דריטע זאָגט:

„לאָמיר זיך בייטען מיט די בלומען, ווי? דאָס ברייננגט גליק."

„יאָ,‟ האָב איך זיך אָבגערופֿען און אויסגעשטרעקט די האַנד, לאָמיר זיך בייטען מיט די בלומען, און איך דאַנק אייך דערפֿאַר. ווי שעהן איהר זייט! איהר האָט אַ „צויבער-שטימע, כ'האָב זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צו איהר.‟

אָבער זי ציהט צוריק איהרע בלויע גלאָקען-בלומען און זאָגט קורץ און שאַרף:

„וואָס פֿאַלט אייך איין? אייך האָב איך דאָך גאָר ניט געמיינט.‟

מיך האָט זי ניט געמיינט; ס'האָט מיר וועה געטהאָן, וואָס איך האָב אַזאַ טעות געהאט; כ'האָב געבֿיינקט אַהיים, זיך געוואונ-שען צו זיין ווייט אַוועק, ביי מיר אין שטיבעל, וואו בלויז דער ווינד האָט צו מיר גערעדט. „האָט קיין פֿאַראיבעל ניט,‟ רוף איך זיך אָב, „און זייט מיר מוחל.‟ די אַנדערע דאַמען קוקען זיך אָן איינע די אַנדערע און געהען אַוועק, כדי מיך ניט צו ערנידעריגען.

אין דער רגע איז אימיצער שנעל צוגעקומען; אַלע האָבען זי געזעהן, ס'איז געווען עדוואַרדאַ. זי איז צוגעקומען גלייך צו מיר, זי זאָגט עפּעס, וואַרפֿט זיך אַרויף אויף מיין ברוסט, דריקט צו די אָרעמס אַרום מיין האַלז און קושט מיר עטליכע מאָל אויף'ן מויל. יעדעס מאָל זאָגט זי עפּעס, נאָר איך פֿערשטעה עס ניט. כ'האָב די גאַנצע געשיכטע ניט פֿערשטאַנען; דאָס האַרץ איז מיר געווען אַזוי ווי פֿערגליווערט פֿון איבעררראַשונג, כ'האָב בלויז געהאַט דעם איינדרוק פֿון איהר ברענענדען בליק. אַז זי האָט מיך אָבגעלאָזט, האָט זיך איהר קליינער בוזים געהויבען אַרויף און אַראָב. דאָ איז זי נאָך געשטאַנען מיט איהר ברוינעם געזיכט און ברוינעם האַלז, לאַנג און שלאַנק, מיט בליצענדע אויגען און גאַנץ דרייסט, אָהן אַ שום פֿערלעגענהייט; אַלע האָבען זי אָנגעקוקט. צום צווייטען מאָל בין איך געווען שטאַרק גערירט פֿון איהרע ברעמען, וועלכע האָ-בען זיך אויפֿגעהויבען הויך איבער'ן שטערן.

אָבער, דו גוטער גאָט, די פּערזאָן האָט מיך פֿאַר אַלעמען אין די אויגען געקושט!

„וואָס איז אייך, פֿרייליין עדוואַרדאַ?‟ האָב איך אַ פֿרעג גע-טהאָן, און איך הער, ווי דאָס בלוט מיינס רוישט, כ'הער עס טיעף ביי מיר אינעווייניג, דאָס שטערט מיך דייטליך צו ריידען.

„גאָרנישט, גאָרנישט," ענטפערט זי. „איך האָב עס געוואָלט, גאַנץ איינפאַך. ס'מאַכט גאָרנישט אויס."

כ'נעהם אַראָב דאָס היטעל פון קאָפּ און גלעט זיך נור מע־כאַניש די האָר, און בעת מעשה שטעה איך און קוק זי אָן. „ס'מאַכט גאָרנישט אויס"? האָב איך זיך געטראַכט.

מיט אַמאָל דערהערט זיך הערר מאַק'ס שטימע פון אַן אַנדער זייט אינזעל, ער זאָגט עפּעס, וואָס מיר קענען ניט פערשטעהן; אָבער איך דיינק מיט פרייד דערפון, אַז הערר מאַק האָט גאָר־נישט געזעהן, האָט זיך גאָרנישט דערוואוסט. ווי גוט דאָס איז, וואָס ער איז גראָד איצט געווען אויף אַן אַנדער זייט אינזעל! דער־פון ווערט מיר לייכטער אויף'ן הארצען, כ'געה צו צו דער קאָמ־פּאַניע און זאָג מיט אַ געלעכטער, אָננעהמענדיג בשעת מעשה אַ אַ גאַנץ גלייכגילטיגען טאָן:

„איך בעט אייך אַלע צוזאמען, ענטשולדיגט מיר פאַר מיין ניט שעהנער בענעהמונג; איך אַליין בין איינפאַך פערצווייפעלט דערי־בער. כ'האָב אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען פריילין עדוואַרדאַ האָט געוואָלט, מיר זאָלען זיך בייטען מיט די בלומען, און איך האָב זי בעליידיגט; איך בעט אייך אַלע אום ענטשולדיגונג. געהט אַריין אין מיין לאַגע: איך לעב אַליין, איך בין ניט געוואוינט אַרומצוגעהן מיט דאַמען; דערצו קומט נאָך דאָס, וואָס איך האָב היינט געטרונ־קען וויין, צו וועלכען איך בין אויך ניט צוגעוואוינט. האָט איינזעהן מיט מיר!"

כ'האָב געלאַכט און זיך געמאַכט זעהר גלייכגילטיג מכח דער גאַנצער קלייניגקייט, כדי זי זאָל פערגעסען ווערן; ביי מיר אינע־ווייניג אָבער בין איך געווען ערנסט. מיינע ווערטער האָבען אויך קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט אויף עדוואַרדאַ'ן, זי האָט גאָרנישט געזוכט צו בעהאַלטען, זי האָט אויף קיין פאַל ניט געוואָלט אָבמע־קען דעם איינדרוק פון איהר איבעראיילטען שריט, אדרבה, זי האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבען מיר און ניט אַראָבגענומען קיין אויג פון מיר. ווען ניט ווען האָט זי מיר אויך צוגעוואָרפען עטליכע ווערטער שפּעטער, ווען מיר האָבען געשפּיעלט אין „לויפעניש", האָט זי הויך אויף'ן קול געזאָגט:

„איך וויל האָבען דעם לייטענאַנט גלאַהן, קיין אַנדערן. וועל איך ניט נאָכלויפען."

„צום טייפעל, טאָ שווייגט דאָך!" האָב איך זיך שטילערהייט געבייזערט אויף איהר און אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פוס.

איהר געזיכט האָט אָנגענומען אַן אויסדרוק פון איבערראַשונג, זי האָט געמאַכט אַ שמערצליכע העויה מיט דער נאָז און דערביי האָט זי געשמייכעלט טרויעריג. איך בין געוועזן שטאַרק גערירט; אָט דעם פעראומערטען אויסדרוק אין איהר בליק און אין איהר גאַנצער מאָגערער געשטאַלט האָב איך ניט געקענט ווידערשטעהן; כ'האָב זי ליעב געקראָגען און אַריינגענומען איהר לאַנגע, שמאָלע האַנד אין מיינע.

„שפעטער!" האָב איך זיך אָבגערופען. „איצט ניט מעהר. מיר קענען זיך דאָך מאָרגען טרעפען."

---

## XI.

ביינאַכט האָב איך געהערט, ווי עוזאָפ האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין ווינקעל און אין זיך געבולען; כ׳האָב עס געהערט אין שלאָף; נאָר אַזוי ווי מיר האָט זיך גראָד גע׳חלום׳ט פון יאַגד, האָט זיך דאָס דאָזיגע בילען אַריינגעפאַסט אין מיין חלום, און איך האָב זיך דערפון ניט אויפגעכאַפט פאָלשטענדיג. אַז איך בין אַרום צוויי אַזייגער אין דער פריה אַרוים פון מיין שטיבעל, האָב איך געפונען אַ שפור פון מענשען-פיס אין גראָז; אימיצער איז דאָ געווען און איז אַפריהער צוגעגאַנגען צו איין פענסטער, דערנאָך צום אַנדערן. אונטען אויף׳ן וועג האָט זיך די שפור ווידער פערלאָרען.

זי איז מיר אַנטקעגען געקומען מיט הייסע באַקען און מיט אַן איבער און איבער שטראַהלענדען געזיכט.

„איהר האָט געוואַרט?" האָט זי געפרעגט. „איך האָב מורא געהאַט, איהר וועט דאַרפען וואַרטען אויף מיר."

איך האָב ניט געוואַרט, זי איז געקומען פאַר מיר.

„האָט איהר גוט געשלאָפען? האָב איך געפרעגט. כ׳האָב כמעט ניט געוואוסט, וואָס צו ריידען.

„ניין, כ׳בין אויף געווען," האָט זי געענטפערט. און זי האָט מיר דערצעהלט, אַז זי איז די נאַכט ניט געשלאָפען, נאָר געזעסען מיט צוגעמאַכטע אויגען אויף אַ שטוהל. זי האָט אַ שפאַציר געמאַכט.

„אימיצער איז ביינאַכט געוועזן לעבען מיין שטיבעל," האָב איך געזאָגט, „היינט אין דער פריה האָב איך געפונען די שפור פון טריט אין גראָז."

און איהר פנים ווערט רויט; אויף'ן וועג געהענדיג נעהמט זי אָן מיין האַנד און ענטפערט גאַרנישט. איך גיב אַ קוק אויף איהר און פרעג:

„זייט איהר עס אפשר געווען?"

„יאָ," האָט זי געענטפערט און האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר, איך בין עס געווען. כ'האָב דאָך אייך ניט אויפגעוועקט, ווי? איך בין געגאַנגען אַזוי שטיל, ווי איך האָב נור געקענט. יאָ, איך בין עס געווען. איך בין נאָך אַמאָל געווען לעבען אייך. איך האָב אייך ליעב."

---

## XII.

יעדען טאָג, יעדען טאָג האָב איך זיך מיט איהר געטראָפֿען איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך פֿלעג זיך גערן טרעפֿען מיט איהר, יאָ, מיין האַרץ איז געפֿלויגען צו איהר. איצט זיינען שוין אַריבער צוויי יאָהר זינט דאַן; איצט טראַכט איך נור דערפֿון, ווען איך וויל, די גאַנצע געשיכטע איז פֿאַר מיר אַ צייט-פֿערטרייב. און וואָס איז שייך צו די צוויי גרינגע פֿויגעל-פֿעדערן, דאָס וועל איך שפּעטער ערקלעהרען.

מיר האָבען געהאַט עטליכע ערטער, וואו מיר פֿלעגען זיך טרעפֿען, ביי דער מיהל, אויף'ן וועג, יאָ, זאָגאַר ביי מיר אין שטי-בעל: זי איז געקומען, וואוהין איך האָב געוואָלט. גוטען טאָג! פֿלעגט זי די ערשטע אימער אויסשרייען, און איך פֿלעג ענטפֿערן גוטען טאָג!

„דו ביסט היינט פֿרעהליך, דו זינגסט,“ זאָגט זי, און איהרע אויגען פֿונקלען.

„יאָ, איך בין פֿרעהליך,“ ענטפֿער איך. „דו האָסט דאָ אַ פֿלעק אויף דער שולטער, דאָס איז שטויב, פֿילייכט גאָר שמוץ פֿון וועג; איך וויל אַ קוש טהאָן דעם פֿלעק, יאָ, לאָמיך איהם אַ קושן טהאָן. אַלעס, וואָס איז אויף דיר און אין דיר, ווירקט אַזוי צערט-ליך אויף מיין זעעלע, דו טרייבסט מיך פֿון זינען אַראָב. די נאַכט האָב איך ניט געשלאָפֿען.“

און דאָס איז אמת געווען; מעהר ווי איין נאַכט האָב איך קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

מיר געהען זייט ביי זייט דעם גאַנצען וועג אַריבער.

„ווי מיינסט דו, בענעהם איך זיך אַזוי ווי דיר געפֿעלט?“

רופט זי זיך אָב. „פיליכט רייד איך צופיעל? ניט? יאָ, אָבער דו מוזט זאָגען, וואָס דו דיינקסט וועגען מיר. צייטענווייז טראַכט איך ביי זיך, אַז דאָס קען קיינמאָל ניט געהן גוט...

„וואָס קען קיינמאָל ניט געהן גוט?" פרעג איך.

„אָט דאָס מיט אונז. אַז עס וועט ניט געהן גוט. צי דו גלויבסט מיר צי ניט, נאָר מיך פרירט איצט; עס לויפט מיר דורך אַן אייז-קאַלטער שווידער איבער'ן רוקען, ווען איך קום נאָר אַביסעל נאָהענט צו דיר. פאַר לויטער גליק."

„יאָ, פונקט אַזוי געהט עס מיר," ענטפער איך, „אויך מיר ווערט אייז-קאַלט אין אַלע אברים, ווען איך דערזעה דיך נור. נאָר דאָך, עס וועט אַלעס זיין צו גוטען. איבעריגענס וועל איך דיר געבען עטליכע קלעפּ אויף'ן רוקען, וועט דיר ווערן אַביסעל וואַרעמער."

עס זעהט אויס, ווי זי וויל עס ניט, נאָר זי לאָזט עס מיר פאָרט טהאָן; כ'האָב געקלאַפּט אַביסעל שטאַרקער, בלויז אויף שפּאַס; איך לאַך און פרעג, צי עס העלפט ניט.

„אָך, ניין, זיי ניט אַזוי גוט, מיר צו קלאַפּען אויף'ן רוקען," זאָגט זי. אָט די פאָר ווערטער! ס'האָט געקלונגען אַזוי הילפלאָז, ווי זי האָט געזאָגט: זיי ניט אַזוי גוט.

דאַן זיינען מיר געגאַנגען ווייטער מיט'ן זעלבען וועג. צי איז זי ניט אַקאָרשט אונצופרידען מיט מיר צוליעב מיין שפּאַס? האָב איך זיך געפרעגט און געטראַכט: מיר וועלען באַלד זעהן. איך האָב געזאָגט:

„מיר קומט וואָס אַרויף אויף'ן זינען. איינמאָל ביי אַ רודער-פאַרטיע האָט זיך אַ יונגע דאַמע אַרונטערגענומען אַ ווייס זיידען טיכעל פון האַלז און עס מיר אַרומגעבונדען. אָבענד-צייט האָב איך זיך אָבגערופען צו דער דאַמע: מאָרגען קריגט איהר צוריק אייער טיכעל; איך וועל עס געבען אויסוואַשען. ניין, האָט זי געענטפערט ניט עס מיר איצט, איך וועל עס אָוועקלייגען ווי עס איז, אָט אַזוי, ווי איהר האָט עס בענוצט. און זי האָט געקראָגען דאָס טיכעל. אין דריי יאָהר אַרום האָב איך זיך ווידער געטראָפען מיט דער דאַמע. דאָס טיכעל? האָב איך געזאָגט. זי האָט געבראַכט דאָס טיכעל. ס'איז נאָך געלעגען אומגעוואַשען אין אַ פּאַפּיר, כ'האָב עס אַליין געזעהן."

עדוואַרדאַ האָט בגנבה אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

„יאָ? און וואָס איז דערפֿון געוואָרען?"

„נו, ווייטער גאָרנישט," האָב איך געזאָגט. „נאָר איך מיין, דאָס איז געווען אַ שעהנער צוג."

פּויזע.

„וואו איז די דאַמע איצט?"

„אין אויסלאַנד."

מיר האָבען מעהר ניט גערעדט דערפֿון. נאָר אַז זי האָט שוין געדאַרפֿט געהן אַהיים, האָט זי געזאָגט:

„גוטע נאַכט אַלזאָ. ניין, דיינק ניט מעהר וועגען דער דאַמע. איך דיינק ניט וועגען קיין אַנדערן, נאָר וועגען דיר."

כ'האָב איהר געגלויבט; איך האָב געזעהן, אַז זי מיינט, וואָס זי זאָגט, און דאָס איז מיר אויף אייביג גענוג געווען, ווען זי האָט נור וועגען מיר געדיינקט. איך בין איהר נאָכגעגאַנגען.

„אַ דאַנק, עדוואַרדאַ!" האָב איך געזאָגט. שפּעטער האָב איך פֿון גאַנצען האַרצען צוגעגעבען: „דו ביסט צו גוט צו מיר, אָבער איך בין דיר דאַנקבאַר דערפֿאַר, וואָס דו ווילסט מיך האָבען; גאָט וועט דיר דערפֿאַר בעלוינען. איך בין, אמת, ניט אַזוי גרויסאַרטיג ווי אַ מהייל אַנדערע, וועלכע דו וואָלסט געקענט קריגען; אָבער איך בין אַזוי פֿאָלשטענדיג דיינער, אַזוי געוואַלטיג דיינער, ביי מיין אונשטערבליכער זעעלע. וועגען וואָס טראַכסט דו? טרעהרען זיינען דיר געשטאַנען אין די אויגען."

„ס'איז גאָרנישט, גאָרנישט," האָט זי געענטפֿערט. „ס'האָט עפּעס געקלונגען אַזוי מאָדנע, אַז גאָט וועט מיר דערפֿאַר בעלוינען. דו זאָגסט אַזוי וואָס, ווי... אַך, איך האָב דיך אַזוי ליעב!"

מיט אַמאָל איז זי מיר אין מיטען וועג אַרויפֿגעפֿאַלען אויף'ן האַלז און האָט מיך שטאַרק געקושט.

אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך זיך פֿאַר'גנב'עט פֿון וועג אין וואַלד אַריין, כדי זיך דאָרט צו בעהאַלטען און בלייבען אַליין מיט מיין פֿרייד. און דאַן בין איך אַ צוהיצטער צוריקגעלאָפֿען אויף'ן וועג, כדי צו זעהן, צי האָט ווער עס איז בעמערקט, אַז איך בין אַריינגעגאַנגען אין וואַלד. נאָר איך האָב קיינעם ניט געזעהן.

## XIII.

זומער-נעכט און שטילע וואַסערן און אונענדליך שטילע וועל־דער. קיין געשריי, קיין שום טריט ניט פֿון די וועגען אַרום, מיין האַרץ איז געווען פֿול ווי פֿון שוואַרצען וויין.

פֿליגען און זומער-פֿייגעלאַך זיינען שטילערהייט געקומען צו פֿליהען צו מיר אין פֿענסטער אַריין; דער פֿייער-שיין אויף'ן איי־וועלע און דער ריח פֿון מיין געבראָטענעם פֿויגעל האָבען זיי אַהער געבראַכט. מיט אַ טעמפּען קלאַנג קלאַפּען זיי זיך אָב אָן דער סטעליע, פֿליהען פֿערביי מיינע אויערן, אַזוי אַז עס געהט מיר אַרי־בער אַ קאַלטער שווידער איבער'ן לייב, און זעצען זיך אוים אויף מיין ווייסען פּולווער-האָרן דאָרט אויף דער וואַנד. איך בעטראַכט זיי, ציטערענדיג זיצען זיי און קוקען מיך אָן, עס זיינען אַלערליי פֿליגען און זומער-פֿייגעלאַך. מיר דוכט, אַ טהייל פֿון זיי זעהען אוים ווי פֿליהענדע פֿערשיעדענפֿאַרביגע בלימעלאַך.

איך געה צו צו דער טהיר פֿון שטיבעל און הער זיך איין. נאָרנישט, קיין גערויש, אַלעס שלאָפֿט. די לופֿט גלאַנצט פֿון פֿלי־הענדע אינזעקטען, פֿון טויזענדער שוועבענדע פֿליגלען. דאָרט ביים ברעג וואַלד שטעהען בופֿלאָקסען; דאָס גראָז בליהט, און איך האָב ליעב אָט די קליינע בליטהען. אַ דאַנק דיר, מיין גאָט, פֿאַר יעדעס שטיקעלע גראָז, וואָס איך האָב געזעהן; זיי זיינען געווען ווי קליי־נע רויזען אויף מיין וועג, און איך וויין פֿאַר ליעבע צו זיי. ערגעץ־וואו ניט ווייט זיינען פֿאַרהאַן ווילדע בלומען, כ'זעה זיי ניט, נאָר איך שפיר זייער ריח.

אָבער איצט אין די שטונדען פֿון דער נאַכט האָבען זיך מיט

אַמאָל פֿונאַנדערגעוויקעלט גרויסע, ווייסע בלומען אין וואַלד, זייערע קאַרבען זיינען אָפֿען, זיי אָטהעמען. און האָריגע נאַכט־שמעטערלינגע לאָזען זיך אַראָב אין זייערע בלעטער און צוטרייסלען די גאַנצע פֿלאַנצע. איך געה פֿון איין בלום צו דער אַנדערער, זיי זיינען פֿער׳שכור׳ט; דאָס זיינען פֿער׳שכור׳טע בלומען, און איך זעה, ווי זיי שכור׳ן זיך אָן.

לייכטע טריט, דער אָטהעם־צוג פֿון אַ מענשליכען וועזען, אַ פֿרעהליכער גוטען אָבענד.

איך ענטפֿער און וואַרף זיך אַנידער אויף׳ן וועג און נעהם אַרום דיביידע קניע און דאָס פּראָסטע קלייד.

„גוטען אָבענד, עדוואַרדאַ!" זאָג איך נאָך אַמאָל, אויסער זיך פֿאַר גליק.

„ווי ליעב דו האָסט מיך!" שעפּטשעט זי.

„ווי דאַנקבאַר מוז איך זיין!" האָב איך געענטפֿערט. „דו ביסט מיינע, און מיין האַרץ ליגט דעם גאַנצען טאָג שטיל אין מיר און טראַכט פֿון דיר. דו ביסט דאָס שעהנסטע מיידעל אויף דער דאָזיגער ערד, און איך האָב דיך געקושט. אָפֿט ווער איך רויט פֿאַר פֿרייד, ווען איך דערמאָן זיך נור, אַז איך האָב דיך געקושט."

„פֿאַרוואָס האָסט דו מיך גראָד היינט ביינאַכט אַזוי ליעב?" פֿרעגט זי.

דערצו זיינען פֿאַרהאַן טעמים גאָר אָהן אַ צאָהל; איך האָב דאָך בלויז געדאַרפֿט טראַכטען פֿון איהר, כדי זי ליעב צו האָבען. אָט דער בליק אונטער די געדיכטע אויגען־ברעמען דאָרט אויבען אויף׳ן שטערן, און אָט די דונקעלע, זיסע הויט!

„ווי זאָל איך דיך ניט ליעב האָבען!" רוף איך זיך אָב. „כ׳געה דאָ אַרום און דאַנק יעדען בוים בעזונדער דערפֿאַר וואָס דו ביסט פֿריש און געזונד. אויף אַ באַל איז אַמאָל געווען אַ יונגע דאַמע, וועלכע איז ביי יעדען טאַנץ געזעסען, און אַלע האָבען זי געלאָזט זיצען. כ׳האָב זי ניט געקענט, נאָר איהר געזיכט האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק, און איך האָב זיך פֿערנייגט פֿאַר איהר. נו? ניין, זי שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. וואָס זשע, פֿריילין טאַנצט ניט? האָב איך זיך אָבגערופֿען. קענט איהר דאָס בעגרייפֿען, האָט זי געענטפֿערט,

מיין פֿאָטער האָט אויסגעזעהן אַזוי גרויסאַרטיג, און מיין מוטער איז געווען אַן אמת'ע שעהנהייט, נאָר מיין פֿאָטער האָט גענומען מיין מוטער אין שטורם. און איך בין געוואָרען אַ קריפעל."

עדוואַרדאַ האָט מיך אָנגעקוקט.

„לאָמיר זיך אַנידערזעצען," האָט זי געזאָגט.

מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט אין גראָז.

„דו ווייסט, וואָס מיין פֿריינדין זאָגט וועגען דיר?" האָט זי אָנגעהויבען. „דו האָסט אַ בליק פֿון אַ חיה, זאָגט זי, און אַז דו גיסט אַ קוק אויף איהר, מאַכסט דו זי פֿערריקט. ס'דוכט זיך איהר, גלייך דו וואָלסט זי אָנגעריהרט, זאָגט זי."

אַן אייגענע פֿרייד האָט מיך דורכגענומען, בעת איך האָב געהערט אָט די ווערטער; ניט פֿון מיינעטוועגען, נאָר צוליעב עדוואַרדאַ'ן, און איך האָב געטראַכט ביי זיך: ס'איז דאָ בלויז איינע, וואָס געהט מיך אָן, און וואָס זאָגט אָט די איינע וועגען מיין בליק? איך האָב אַ פֿרעג געטהאָן:

„ווער איז זי דאָס, אָט די פֿריינדין?"

„דאָס דערצעהל איך ניט," האָט זי געענטפֿערט, „נאָר ס'איז איינע פֿון די, וועלכע זיינען געווען מיט אונז אויף'ן טרוקען-אינזעל."

„יאָ, יאָ," האָב איך געזאָגט.

דאַן האָבען מיר גערעדט פֿון אַנדערע זאַכען.

„מיין פֿאָטער פֿאָהרט די טעג קיין רוסלאַנד," האָט זי געזאָגט, „און דאַן מאַך איך אַ באַנקעט. ביסט שוין אַמאָל געווען אויף די „קוה-אינזעלאַך"? מיר נעהמען מיט צוויי קערב מיט וויין; די דאַמען פֿון דעם קירך-בעצירק קומען ווידער מיט; מיין פֿאָטער האָט מיר שוין געגעבען דעם וויין. ניט אמת, דו וועסט מעהר ניט קוקען אַזוי אויף מיין פֿריינדין? ניין, ווי? וואָרים אַניט וועל איך זי ניט איינלאַדען."

און ניט אויסרײדענדיג מעהר קיין איינציג וואָרט, האָט זי זיך מיט ליידענשאַפֿט אַ וואָרף געטהאָן אויף מיין ברוסט און מיך אָנגעקוקט, מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פנים אַריין, בעת ווען זי האָט שטאַרק געאָטהעמט. איהר בליק איז געווען גאַנץ שוואַרץ.

---

## XIV.

אַ פרייד בערוישט מיך. כ'שים אויס מיין ביקס, און אַן אונפערגעסליכער ווידער־קול ענטפערט אָב פון באַרג צו באַרג, שוועבט איבער'ן ים און שלאָגט זיך אָן אָן'ם אויער פון אַ פערשלאָפענעם מאַן, וואָס זיצט ביים רודער. וואָס פרעה איך זיך אַזוי? איבער אַ געדאַנק, וואָס קומט מיר אַרויף אויף'ן זינען, איבער אַן עראינערונג, אַ קלאַנג אין וואַלד, איבער אַ מענשען. איך טראַכט פון איהר, כ'פערמאַך מיינע אויגען און שטעה שטיל אויף'ן וועג און טראַכט וועגען איהר; איך צעהל די מינוטען.

אַצונד בין איך דורשטיג, און איך טרינק פון'ם טייכעל; דערנאָך צעהל איך אָב הונדערט טריט פאָראויס און הונדערט טריט צוריק; איצט איז עס שפעט געוואָרען, קלעהר איך.

איז עפעס אַנדערש פאָרגעקומען אין דער צייט? אַ מאָנאַט איז פערביי, און אַ מאָנאַט איז ניט קיין לאַנגע צייט; ס'איז גאָרנישט פאָרגעקומען! גאָט וויים דעם אמת, אַז אָט דער מאָנאַט איז געווען קורץ, נאָר די נעכט זיינען צייטענווייז לאַנג, און מיר קומט אַרויף אַ געדאַנק, איינצוטונקען מיין מיץ אין טייך און זי ווידער לאָזען אויסטריקענען, בלויז כדי די צייט צו פערקירצען, בשעת איך וואַרט.

איך פלעג רעכענען די צייט נאָך נעכט. צייטענווייז האָט זיך געמאַכט אַ נאַכט, און ערוואַרדאַ איז אויסגעבליבען, איינמאָל איז זי אויסגעבליבען צוויי נעכט. ס'איז גאָרנישט געשעהן, נאָר איך האָב דאָך געמיינט, אַז מיין גליק האָט אַריבערגעשטיגען דעם העכסטען פונקט זיינעם.

און איז דאָס דען ניט געווען אַזוי?

„דו הערסט, עדוואַ־דאַ, ווי אונרוהיג ס'איז היינט ביינאַכט אין וואַלד? עס ריהרט זיך אונאויפהערליך אינווייניג אין דער ערד, און די גרויסע בלעטער פון די בוימער ציטערן. פיליכט געהט וואָס פאָר; נאָר ניט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען. אויבען אין דער הויך הער איך אַ פויגעל זינגען, אַן איינזאַמער זינג-פויגעל; נאָר ער זיצט שוין אַזוי צוויי נעכט אויף'ן זעלבען אָרט און זינגט. דו הערסט אַ מאָרגען, מאָרגען קלאַנג?"

„יאָ, איך הער איהם. אָבער נאָך וואָס פרעגסט דו מיך וועגען דעם?"

„אָה גאָרנישט. ער זיצט זיך דאָרט זינט צוויי נעכט. איך זאָג עס דיר גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין...... אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, געליבטע, וואָס דו ביסט געקומען היינט אָבענד! איך בין גע-זעסען דאָ און האָב דיך ערוואַרט היינט אָדער מאָרגען אָבענד, כ'האָב זיך געפרעהט, ווען דו ביסט געקומען."

„און איך בין אויך אויף געווען. איך דיינק כסדר פון דיר; כ'האָב צונויפגעקליבען און בעהאַלטען די שערבלאַך פון'ם גלאָז, וואָס דו האָסט אַמאָל אומגעוואָרפען; געדיינקסט עס נאָך? מיין פאָטער איז היינט ביינאַכט אַוועקגעפאָהרען; פאַר מיין אויסבלייבען מוזט דו מיר ענטשולדיגען, כ'האָב געהאַט אַזוי פיעל צו פאַקען און האָב איהם געמוזט דערמאָנען אסך זאַכען. כ'האָב געוואוסט, אַז דו ביסט געווען דאָ אין וואַלד און האָסט געוואַרט אויף מיר, און איך האָב געוויינט און געפאַקט."

אָבער עס זיינען דאָך אַריבער צוויי נעכט, האָב איך ביי זיך געקלעהרט, וואָס האָט זי געטהאָן די ערשטע נאַכט? און פאַרוואָס שטראַהלט ניט אַזוי פיעל פרייד ביי איהר אין די אויגען ווי גע-וועהנליך?

אַ שטונדע איז פערביי. דער זינג-פויגעל אויבען אין דער הויך איז אַנשווייגען געוואָרען. דער וואַלד איז געווען טויט. ניין, ניין, ס'איז גאָרנישט געשעהן, אַלעס איז געווען ווי פריהער, זי האָט מיר געגעבען די האַנד, געזאָגט גוטע נאַכט און געקוקט אויף מיר מיט ליעבע.

„מאָרגען?" האָב איך זיך אָבגערופען.

„ניין, מאָרגען ניט."
כ'האָב ניט געפֿרעגט פֿאַרוואָס.
„מאָרגען האָבען מיר דאָך אונזער יום-טוב, אונזער אויספֿאָהר," האָט זי געזאָגט לאַכענדיג. „כ'האָב דיך בלויז געוואָלט איבערראַשען, נאָר דו האָסט געמאַכט אַזאַ אונגליקליכע מיענע, אַז איך האָב עס דיר גלייך געמוזט זאָגען. איך האָב דיך איינגעלאַדען שריפֿטליך."
און עס איז מיר געוואָרען אַזוי לייכט, אַזוי ווי אַ שטיין וואָלט מיר אַראָב פֿון האַרצען. זי האָט זיך געלאָזט געהן און האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ צום אָבשיעד.
„נאָך איינס," האָב איך זיך אָבגערופֿען און בין נאָך אַלץ געשטאַנען אויף'ן זעלבען אָרט.
„ווי לאַנג איז דאָס, אַז דו האָסט צונויפֿגעקליבען און בעהאַלטען די צובראָכענע שטיקלאַך גלאָז?"
„ווי לאַנג דאָס איז?"
„יאָ, איז דאָ אַ וואָך זינט דאַן? צוויי וואָכען?"
„יאָ, פֿילייכט איז שוין צוויי וואָכען זינט דאַן. נאָר פֿאַרוואָס פֿרעגסט דו זיך אַזוי נאָך וועגען דעם? ניין, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, כ'האָב עס נעכטען געטהאָן."
זי האָט עס נעכטען געטהאָן; ערשט נעכטען האָט זי וועגען מיר געטראַכט? נו, אַלעס איז אַלזאָ געווען ווי געוואונשען!

## XV.

דיביידע שיפלאַך ווינען געלעגען גרייט אויף'ן וואַסער, און מיר האָבען זיך אויפגעזעצט. מיר האָבען געזונגען און געפּלוידערט. די „קוה-אינזעלאַך" זיינען געלעגען ווייט אַרוים פון די אינזלען, ס'האָט גענומען אַ היבשע ווילע צוצורודערן אַהין, און דערווייל האָבען מיר זיך אונטערהאַלטען פון שיפעל צו שיפעל. דער דאָקטאָר איז געווען העל געקליידט, פונקט ווי די דאַמען; כ'האָב איהם נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזעהן אַזוי פרעהליך; ער האָט מיט-געפלוידערט מיט אַלעמען, ער איז שוין מעהר ניט געווען קיין שטילער צוהערער. אויף מיר האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַביסעל געטרונקען און אַיז אויסגעלאַסען. אַז מיר האָבען געלאַנדעט, האָט ער אַ רגע צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער קאָמפאַניע און האָט אונז געזאָגט ווילקאָמען. איך האָב זיך געטראַכט ביי זיך: אַיי, זעה נאָר, עדוואַרדאַ האָט איהם אויסגעקליבען פאַר אַ בעל הבית.

מיט דעם העכסטען גראַד פון ליעבענסווירדיגקייט האָט ער זיך אונטערהאַלטען מיט די דאַמען. מיט עדוואַרדאַ'ן איז ער געווען העפליך און פריינדליך, אָפטמאָל פאָטערליך, און צייטענווייז שוין אַביסעל צופיעל מעשה לעהרער. זי האָט גערעדט וועגען אַ דאַטום, זי האָט געזאָגט: „איך בין געבוירען געוואָרען אין אַכט און דרייסיג", און ער האָט געפרעגט: „אַכטצעהן הונדערט אַכט און דרייסיג מיינט איהר דאָך?" אַז איך האָב וואָס עס איז געזאָגט, האָט ער זיך העפליך און אויפמערקזאַם צוגעהערט און האָט מיך ניט איגנאָרירט.

אַ יונגע דאַמע איז צוגעקומען צו מיר און האָט מיך בעגריסט כ'האָב זי ניט דערקענט, כ'האָב זיך ניט געקענט דערמאָנען ווער זי איז, און איך האָב געזאָגט אַ פּאָר ערשטווינטע ווערטער, איבער וועלכע זי האָט געלאַכט. ס'איז געווען איינע פון'ם אויבער־פּאַס־טאָר'ס טעכטער; איך בין געווען מיט איהר צוזאַמען איף'ן פּיש־אינזעל און האָב זי דאַן איינגעלאַדען צו מיר אין שטיבעל. מיר האָבען אַ ווײַלע גערעדט צוזאַמען.

אַ שטונדע אָדער צוויי געהען פערביי. איך לאַנגווייל זיך, טרינק דעם ווײַן, וואָס מען גיסט מיר אָן, און געה אַרום צווישען דער קאָמפּאַניע, פלוידער מיט אַלעמען. ווידער אַמאָל בעגעה איך עטליכע פעהלערן, און איך קען זיך ניט מוחל זיין דערפאַר; איך פער־ליר זיך און ווייס אויף דער רגע ניט, ווי צו ענטפערן אויף אַ גע־וויסע פריינדליכקייט, וואָס ווערט מיר צוגעטהיילט; עס קומט פאָר, אַז איך פּלאָנטער זיך אין די רייד אָדער איך בלייב גאָר שטעקען אין מיטען אָהן לשון, און דאָס פערשאַפט מיר גרויסע שמערצען. דאָרט ביים גרויסען שטיין, וואָס מיר בענוצען אַלס טיש, זיצט דער דאָקטאָר און מאַכט מיט די הענד.

נשמה! וואָס איז דאָס אַזוינס נשמה? זאָגט ער. דעם אוי־בער-פאַסטאָר'ס טאָכטער האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער איז אַ פרייידיינקער; נו גוט, דאַרף מען דען ניט דיינקען פריי? מען שטעלט זיך פאָר דעם גיהנום ווי אַ הויז אונטער דער ערד און דעם טייוועל ווי אַ שעף פון אַ ביורא, — ניין, אַ מאַיעסטעט איז ער. ער וויל ריידען מכח דעם אַלטאַר־בילד אין דער אַנעקס־קירכע: אַ קריסטוס-פיגור, אַ פּאָר אידען און אידענעס, וואַסער, וואָס ווערט פערוואַנדעלט אין ווײַן; גוט. אָבער קריסטוס האָט אַ מין קרוין, אַ גלאַנץ־שיין אַרום קאָפּ. וואָס איז אַזוינס אַ גלאַנץ־שיין? אַ געלער רייף פון אַ פאַס, וואָס הייננגט אויף דריי האָר.

צוויי פון די דאַמען האָבען מיט שרעק פערבראָכען די הענד. אָבער דער דאָקטאָר האָט געוואוסט, ווי זיך אַרויסצודרעהען פון דער צרה, און מיט אַ שפּאַסענדען טאָן האָט ער געזאָגט:

„ניט אמת, דאָס קלינגט אַזוי שרעקליך? דאָס גיב איך צו. נאָר אַז מען ווידערהאָלט עס פּאַר זיך, אַז מען זאָגט עס אַזוי אַ זיבען,

אַכט מאָל איבער און מען פֿערטראַכט זיך אַביסעל וועגען דעם, דאַן קלינגט עס שוין בעסער... קען איך האָבען די עהרע צו טרינקען מיט די דאַמען?"

און ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע אין גראָז פֿאַר די צוויי דאַמען. ער האָט ניט אַרונטערגענומען דעם הוט און איהם אַוועקגעלייגט לעבען זיך, נאָר ער האָט איהם געהאַלטען מיט דער לינקער האַנד אין דער הויך און האָט אויסגעליידיגט דאָס גלאָז, פֿערוואַרפֿענדיג דעם קאָפּ אַהינטער. איך בין אַליין געוואָרען שטאַרק בעגייסטערט פֿון זיין גרויסער זיכערקייט און איך וואָלט איהם צו־געטרונקען, ווען ער וואָלט שוין ניט געהאַט אויסגעליידיגט זיין גלאָז.

עדוואַרדאַ האָט פֿון איהם קיין אויג ניט אַרונטערגענומען. כ'האָב זיך געשטעלט לעבען איהר און געזאָגט:

„וואָס זשע, מיר וועלען אפשר היינט ווידער שפּיעלען אין „לוי־פֿעניש"?"

זי האָט אַ לייכטען ציטער געטהאָן און האָט זיך אויפֿגעהויבען.

„פֿערגעס אַקאָרשט ניט, אַז מיר זאָגען זיך איצט ניט דו," האָט זי שטילערהייט געזאָגט.

כ'האָב דאָך איהר גאָר ניט געזאָגט דו. נאָך וואָס האָט גע־טויגט איהר בעמערקונג? איך בין אַוועק פֿון איהר.

עס געהט ווידער פֿערביי אַ שטונדע; ס'האָט גאָר קיין סוף ניט געוואָלט נעהמען צום טאָג; איך וואָלט שוין פֿון לאַנג אַליין אַוועקגערודערט אַהיים, ווען איך וואָלט געהאַט אַ דריט שיפֿעל; עזאָפּ איז געלעגען אַנגעבונדען דאָרט אין שטיבעל, ער האָט פֿילייכט געדיינקט פֿון מיר. עדוואַרדאַ'ס געדאַנקען זיינען גאָר אָהן צוויפֿעל געווען ווייט אַוועק פֿון מיר; זי האָט גערעדט מכח דעם גליק, צו קענען אַרומרייזען די וועלט און זיין אין אַנדערע ערטער; איהרע באַקען זיינען געוואָרען גאַנץ הייס דערביי, און זי האָט זאָגאַר גע־רעדט ניט ריכטיג, מיט גרייזען:

„קיינער וואָלט ניט געווען גליקליכערער ווי איך אין דעם טאָג..."

„גליקליכערער," רופֿט זיך אָב דער דאָקטאָר.

„ווי?" פֿרעגט זי.

„גליקליכערער."

„דאָס פֿערשטעה איך ניט."

„איהר האָט געזאָגט „גליקליכערער", ווייטער גאָרנישט."

„האָב איך דאָס געזאָגט? כ'בעט ענטשולדיגונג. קיינער וואָלט ניט געווען גליקליכער פֿאַר מיר אין דעם טאָג, ווען איך וואָלט געשטאַנען אויף'ן דעק פֿון אַ דאַמפֿף־שיף. ציטענווייז ציהט עס מיך אין אַזעלכע ערטער, וועגען וועלכע איך הויב ניט אָן צו וויסען קיין זאַך."

זי האָט געביינקט נאָך אומבעקאַנטע ערטער, ס'האָט זי געצויגען ווייט אַוועק, זי האָט מיך אין זינען ניט געהאַט. כ'האָב עס געזעהן אויף איהר פּנים, אַז זי האָט מיך פֿערגעסען. נו, וועגען דעם איז גאָרנישט געווען וואָס צו זאָגען; אָבער דאָס, וואָס איך האָב עס אַליין געזעהן אויף איהר פּנים! און די מינוטען זיינען אַריבער טרויעריג לאַנגזאַם. כ'האָב זיך געווענדט צו עטליכע פֿון די פֿערזאַמעלטע, פֿילייכט וואָלטען מיר געררודערט אהיים; ס'איז שפּעט, האָב איך געזאָגט, און עזאָפּ ליגט אין שטיבעל אַן אָנגעבונדענער. נאָר קיינער האָט ניט געוואָלט פֿאָהרען אַהיים.

איך בין צום דריטען מאָל צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער פֿון'ם אויבער־פּאַסטאָר. כ'האָב געקלערט ביי זיך: אָט די איז דאָס אַודאי, וועלכע האָט געזאָגט, אַז איך האָב אַ בליק פֿון אַ חיה. מיר האָבען געטרונקען איינס צום אַנדערן; זי האָט געהאַט ציטערענדע אויגען, זיי זיינען קיינמאָל ניט געשטאַנען אויף אַן אָרט, זי האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ פֿרעמדע.

„זאָגט מיר, פֿריילין," האָב איך אָנגעהויבען, „מיינט איהר ניט, אַז די מענשען דאָ אין דער געגענד זיינען פּונקט אַזוי ווי דער היי־גער קורצער זומער? זיי זיינען פֿערביילויפֿענדיג און בעצויבערענד זוי ער?"

כ'האָב גערעדט הויך, זעהר הויך, און איך האָב עס געטהאָן מיט אַ כיוון. איך האָב אויך ווייטער גערעדט הויך און געבעטען דאָס פֿריילין נאָך אַמאָל, זי זאָל מיך בעזוכען און אָנקוקען מיין שטיבעל. „גאָט וועט אייך בעלוינען דערפֿאַר," האָב איך געזאָגט אין מיין נויט, און איך האָב שוין געקלערט ביי זיך, אַז איך וועל פֿילייכט געפֿינען עפּעס, וואָס איך זאָל איהר קענען שיינקען, ווען זי

וועט קומען; פֿילייכט וועל איך ניט האָבען קיין אַנדער זאַך אַחוץ מיין פּולווער־האָרן, האָב איך געטראַכט.

און דאָס פֿריילין האָט פֿערשפּראָכען צו קומען.

עדוואַרדאַ איז געזעסען מיט אַן אָבגעקעהרטען פּנים און האָט מיך געלאָזט ריידען אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל איך האָב געוואָלט. זי האָט זיך צוגעהערט צו אַלצדינג, וואָס איז גערעדט געוואָרען, און ווען ניט ווען אַריינגעוואָרפֿען אַ וואָרט. דער דאָקטאָר האָט די יונגע דאַ־מען פֿון די הענד אַראָבגעלייענט זייערע געדאַנקען און האָט גערעדט, וואָס איז איהם נור געקומען אין מויל; ער אַליין האָט געהאַט אַ פּאָר פֿיינע, קליינע הענטעלאַך און אויף איין פֿינגער האָט ער גע־טראָגען אַ רינג. איך האָב זיך געפֿיהלט ווי אַן איבעריגער און האָב זיך אויף אַ שטיקעל צייט אַוועקגעזעצט אָן אַ זייט אויף אַ שטיין. ס'איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג. דאָ זיץ אַלזאָ איינער אַליין אויף אַ שטיין, האָב איך גע'טענה'ט צו זיך, און די איינציגע פּערזאָן, וואָס וואָלט מיך געקענט אַוועקפֿיהרען פֿון דאַנען, לאָזט מיך זיצען. איבעריגענס הויבט עס מיך גאָרנישט אָן צו אַרען...

אַן אונענדליך געפֿיהל פֿון פֿערלאָזענקייט האָט מיך בעהערשט. דאָס געשפּרעך הינטער מיר האָט מיר געקלונגען אין די אויערן, און איך האָב געהערט, ווי עדוואַרדאַ האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט; ביי דעם דאָזיגען געלעכטער האָב איך זיך אויפֿגעהויבען און בין צוגע־גאַנגען צו דער קאָמפּאַניע. איך בין געווען מורא'דיג אויפֿגערעגט.

„בלויז איין אויגענבליק," האָב איך זיך אָבגערופֿען. „זיצענדיג אַזוי דאָ הינטען, איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, אפשר וואָלט איהר וועלען זעהן מיין פֿליגען־בוך." און איך האָב אַרויסגענומען מיין פֿליגען־בוך. „ענטשולדיגט, וואָס איך האָב פֿריהער ניט געטראַכט דערפֿון. ווילט איהר ניט אַזוי גוט זיין און עס דורכקוקען? איהר וועט מיר פֿערשאַפֿען אַ ווירקליכען פֿערגניגען דערמיט, איהר מוזט אַלעס אָנקוקען; דאָ זיינען פֿאַרהאַן רויטע און געלע פֿליגען." און איך האָב געהאַלטען מיין היטעל אין דער האַנד, בעת איך האָב גערעדט. כ'האָב אַליין בעמערקט, אַז איך האָב אַרונטערגענומען מיין היטעל, און אַז דאָס איז ניט ריכטיג, דערום האָב איך עס גלייך ווידער אָנגעטהאָן.

אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ טיעפּעס שטיל־שווייגען, און קיינער האָט בײַ מיר ניט גענומען דאָס בוך. ענדליך האָט דער דאָקטאָר אויסגעשטרעקט די האַנד און געזאָגט העפליך:

„אַ דאַנק, יאָ, לאָמיר עס אַקאָרשט אָנקוקען. ס'איז פאַר מיר שטענדיג געווען אַ רעטעניש, ווי מען שטעלט צוזאַמען אַזעלכע פליגען."

„איך מאַך זיי אַליין," האָב איך געזאָגט, פול מיט דאַנקבאַרקייט צו איהם. און אין דערזועלבער צייט האָב איך אָנגעהויבען ערקלעהרען ווי אַזוי איך מאַך זיי. ס'איז אַזוי איינפאַך; איך קויף די פעדערן און די האַטשיקעס; זיי זיינען ניט גוט געמאַכט, נאָר זיי זיינען דאָך בלויז פאַר זיך, צום אייגענעם געברויך. מען קריגט אויך פאַרטיגע פליגען, און די זיינען זעהר שעהן.

עדוואַרדאַ האָט געוואָרפען אַ גלייכגילטיגען בליק אויף מיר און אויף'ן בוך, און דאַן האָט זי ווייטער גערעדט מיט איהרע פריינדינען.

„אָט האָט איהר אויך דאָס מאַטעריאַל דערצו," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „זעהט נור אָט די שעהנע פעדערן."

עדוואַרדאַ האָט אַ קוק געטהאָן.

„די גרינע זיינען שעהן," האָט זי געזאָגט, „לאָמיך זיי אָנקוקען, דאָקטאָר."

„נעהמט זיי אייך," האָב איך זיך אָבגערופען. „יאָ, האַלט זיי פאַר אייך, איך בעט אייך זעהר. דאָס זיינען צוויי גרינע פויגעל־פעדערן. טהוט מיר צוליעב, ס'איז אַן עראינערונג."

זי האָט זיי אָנגעקוקט און געזאָגט:

„זיי זיינען גרין און גאָלדען, ס'געווענדט זיך אָן דעם, ווי מען האַלט זיי אין דער זונן. אַ שעהנעם דאַנק, יאָ, ווען איהר ווילט זיי מיר געבען."

„יאָ, איך וויל זיי אייך געבען," האָב איך געזאָגט.

זי האָט אַריינגעשטעקט די פעדערן צו זיך.

גלייך נאָכדעם האָט מיר דער דאָקטאָר צוריק אָבגעגעבען דאָס בוך און געדאַנקט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געפרעגט, צי מיר ווילען ניט באַלד אָנהויבען דיינקען וועגען אַהיים פאָהרען.

איך האָב געזאָגט:

„יאָ, אום גאָטעס ווילען. איך האָב אין דערהיים אַ הונד; יאָ, פערשטעהט איהר מיך, כ׳האָב אַ הונד, דער איז מיין פריינד; דער ליגט און דיינקט פון מיר, און אַז איך קום, ליגט ער מיט די פאָדערשטע פיס אויף׳ן פענסטער־שוועל און בעגריסט מיך. ס׳איז געוועזן אַזאַ שעהנער טאָג, ער איז שוין באַלד אַריבער; לאָמיר פאָהרען אַהיים. איך דאַנק אייך אַלעמען.״

כ׳האָב געוואַרט אָן אַ זייט, כדי צו זעהן, וואָסער שפּיעל עדוואַרדאָ וועט זיך אויסקלייבען, און איך האָב בעשלאָסען ביי זיך, אַריינצוגעהן אין דאָס אַנדערע. מיט אַמאָל האָט זי מיך אַ רוף געטהאָן. כ׳האָב זי אָנגעקוקט ערשטוינט. איהר געזיכט איז געוועזן בענאָסען מיט פייער. דאַן איז זי צוגעקומען צו מיר, האָט מיר דערלאַנגט די האַנד און מיט אַ צערטליכען טאָן געזאָגט:

„אַ דאַנק פאַר די פערדען... מיר פאָהרען דאָך אין דעם זעלבען שפּיעל?״

„אויב איהר ווילט,״ האָב איך געענטפערט.

מיר זיינען אַריין אין שפּיעל. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבען מיר אויף דער רודער־באַנק און האָט מיך אָנגעריהרט מיט איהר קניע. כ׳האָב געקוקט אויף איהר און זי ווידער האָט מיך אויך אַ ווײַלע אָנגעקוקט. זי האָט מיר גוט געטהאָן, דערמיט וואָס זי האָט מיך אָנגעריהרט מיט איהר קניע; כ׳האָב זיך שוין אָנגעהויבען פיהלען געטרייסט פאַר דעם ביטערן טאָג און ביסלאַכווייז געווינען צוריק מיין פרעהליכקייט, מיט אַמאָל האָט זי געביטען די האַלטונג איהרע, האָט זיך אומגעקעהרט מיט׳ן רוקען צו מיר און גענומען ריידען מיט׳ן דאָקטאָר, וועלכער איז געזעסען ביים רודער. אַ גאַנצע פערטעל שעה האָט זי אין מיין זייט ניט אַ קוק געטהאָן, אַזוי ווי איך וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט פאַר איהר. דאָ האָב איך אָבגעטהאָן עפּעס, אויף וואָס איך האָב חרטה און וואָס איך קען ביז היינטיגען טאָג ניט פערגעסען. דער שוך איז איהר אַראָבגעפאַלען פון פוס, כ׳האָב איהם גיכאַפּט און איהם אַריינגעוואָרפען ווייט אין וואַסער, פאַר פרייד, וואָס זי געפינט זיך אַזוי נאָהענט צו מיר, אָדער אין דעם פערלאַנג צו זיין עפּעס ניט אַבי ווער אָדער איהר צו דערמאָנען, אַז איך לעב נאָך אויף דער וועלט, — איך ווייס

ניט אייף ריכטיג, וואָס האָט מיך געטריבען דערצו. אַלעס איז צו־געגאַנגען אַזוי שנעל, כ'האָב גאָר ניט געקלעהרט, ס'איז געקומען איבער מיר ווי אַן אינספּיראַציע, גלייך אימיצער וואָלט מיר אונ־טערגעזאָגט, איך זאָל עס טהאָן. די דאַמען האָבען געגעבען אַ קוויטש. איך אַליין בין געווען אַזוי ווי געלעהמט איבער דעם, וואָס איך האָב געטהאָן; אָבער וואָס האָט עס גענוצט? עס איז גע־שעהן. דער דאָקטאָר איז מיר געקומען צו הילף, ער האָט אַ געשריי געטהאָן: „רודערט צו, שנעלער!" און האָט גערודערט נאָך'ן שוך; אין אַ ווײַלע אַרום האָט איהם דער מאַן פון שיפעל געפּאַקט, גראָד דאַן, ווען ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אונטער'ן וואַסער. דער מאַן איז געוואָ־רען נאַס ביז איבער די עלענבויגען. דאָ האָט אָבגעקלונגען אַ פּיעל-פאַכיגעס הורראַ פון ביידע שיפלאַך, ווייל דער שוך איז געראַטעוועט געוואָרען.

איך בין געווען שטאַרק פערשעהמט און האָב געפיהלט, אַז מיין געזיכט קרימט זיך און ווערט אַלערליי קאָליערען, בעת ווען איך האָב מיט'ן טאַשען-טיכעל אָבגעווישט דעם שוך.

עדוואַרדאַ האָט איהם צוגענומען, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אָבגערופען:

„אַזוי וואָס איז מיר נאָך ניט פאָרגעקומען."

„ניט אמת? ניין." האָב איך דערויף געענטפערט. כ'האָב גע־שמייכעלט און געמאַכט אַן אָנשטעל; עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט די זאַך אָבגעטהאָן ניט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר האָבענדיג דערביי אַ געוויסען גרונד, אַזוי ווי עס וואָלט נאָך וואָס געשטעקט הינטער דעם. אָבער וואָס האָט דען געקענט שטעקען הינטער דעם? דער דאָקטאָר האָט מיך צום ערשטען מאָל אָנגעקוקט מיט אַ פער־אַבטענדער מיענע.

ס'איז אַריבער אַ ווײַלע, די שיפלאַך האָבען גערודערט אַהיים, די שלעכטע שטימונג פון דער קאָמפּאַניע איז פערשוואונדען, מיר האָבען געזונגען, מיר זיינען צוגעקומען אַלץ נעהענטער צו דער לאַנדונגס בריק. עדוואַרדאַ האָט געזאָגט:

„ווייסט איהר גאָר וואָס? מיר האָבען דעם וויין ניט אויסגע־טרונקען, און ס'איז נאָך איבערגעבליבען אַזוי פּיעל פלעשער. מיר

וועלען מאַכען נאָך אַ יום טוב דערפון, אַ צווייטע אונטערהאַלטונג שפּעטער-צו; מיר וועלען טאַנצען און האָבען אַ באַל ביי אונז אין הויז."

אַז מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער יבשה, האָב איך זיך ענט-שולדיגט פאַר עדוואַרדאַ'ן.

„איך ביינק צוריק נאָך מיין שטיבעל!" האָב איך זיך אָב-גערופען. „דאָס איז געווען אַ שווערער, אַ ביטערער טאָג."

„איז דאָס טאַקע געווען אַ ביטערער טאָג פאַר אייך, הערר לייטענאַנט?"

„כ'מיין אַזוי," האָב איך געזאָגט, „כ'מיין, אַז איך האָב איהם איבערגעפיהרט אי פאַר זיך אַליין, אי פאַר די אַנדערע. כ'האָב אַריינגעוואָרפען אייער שוך אין וואַסער."

„יאָ, דאָס איז געווען אַ מערקווירדיגער איינפאַל."

„פערצייהט מיר," האָב איך געזאָגט.

---

## XVI.

וויפֿיעל ערגער האָט עס נאָך געקענט זיין? כ'האָב אָבגעמאַכט ביי זיך, רוהיג אויפֿצונעהמען אַלצדינג, וואָס עס זאָל ניט געשעהן, גאָט איז מיין עדות דערויף. וואָס זשע, בין איך עס דען געווען דער, וואָס האָט זיך גאָר אין אָ־הויב אָנגעוואָרפֿען אויף איהר? ניין, ניין, קיינמאָל ניט; איך בין בלויז איינמאָל אין אַ וואָכעדיגען טאָג געשטאַנען אויף איהר וועג, בעת זי איז פֿערבייגעגאַנגען. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין זומער דאָ אין צפֿון־לאַנד! דער מאַי־זשוק האָט שוין אויפֿגעהערט פֿליהען, און די מענשען זיינען מיר געוואָרען וואָס וויטער אַלץ אונערקלעהרליכער, כאָטש די זונן האָט אויף זיי געשיינט ביי־טאָג און ביינאַכט. וואוהין האָבען געקוקט זייערע בלויע אויגען, און וואָס האָבען זיי פֿאָרט געטראַכט הינטער די מאָרנע שטערענס זייערע? איבעריגענס האָב איך זיך געמאַכט אַ קנאַפּען צימעס פֿון זיי אַלעמען. כ'האָב גענומען מיינע פֿיש־שנורען און געכאַפּט פֿיש צוויי טעג, פֿיער טעג נאָכאַנאַנד; נאָר ביי נאַכט פֿלעג איך ליגען מיט אָפֿענע אויגען ביי מיר אין שטיבעל...

„כ'האָב אייך שוין פֿיער טעג צייט ניט געזעהן, עדוואַרדאַ?"

„פֿיער טעג, דאָס איז גאַנץ ריכטיג. הערט איהר; כ'האָב געהאַט זעהר פֿיעל צו טהאָן. קומט אַריין און קוקט עס אָן."

זי האָט מיך אַריינגעפֿיהרט אין זאַאַל. די טישען זיינען געווען אַרויסגענומען, די שטוהלען זיינען געשטאַנען אויפֿגעשטעלט אין דער לייננג פֿון דער וואַנד, יעדע זאַך איז געווען אַוועקגערוקט פֿון איהר פּלאַץ; דער הייננג־לייכטער, דער אויווען זיינען געווען פֿאַנטאַסטיש דעקאָרירט מיט וואַלד־פֿלאַנצען און מיט שוואַרצע שטאָפֿען פֿון'ם מאַגאַזין, דאָס קלאַוויר איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל.

דאָס זיינען געווען איהרע פאָרבערייטונגען צום „באַל".

„ווי געפֿעהלט עס אייך?" האָט זי געפֿרעגט.

„אויסגעצייכענט," האָב איך געענטפֿערט.

מיר זיינען אַרויס פֿון צימער.

איך האָב זיך אָבגערופֿען:

„אָבער הערט אויס, עדוואַרדאַ, אָט אפנים איהר האָט זיך גאָר אין גאַנצען פֿערגעסען אָן מיר?"

„איך פֿערשטעה אייך גאָר ניט," האָט זי געענטפֿערט ער־שטוינט. „וואָס זשע, איהר האָט דען ניט געזעהן, וואָס איך האָב דאָ געהאַט צו טהאָן? האָב איך אַלזאָ געקענט קומען צו אייך?"

„ניין," האָב איך אויך געזאָגט, „איהר האָט אפשר טאַקע ניט געקענט קומען צו מיר." פֿון צופֿיעל אויף זיין בין איך געווען מיעד און פֿערמאַטערט, מיינע רייד זיינען געוואָרען פוסט און אָהן אַ שום קאָנטראָל, איך בין דעם גאַנצען טאָג געווען אונגליקליך. „ניין, איהר האָט טאַקע ניט געקענט קומען צו מיר. וואָס האָב איך גע־וואָלט זאָגען: מיט איין וואָרט, ס'איז געוואָרען אַ שטיקעל ענדער־רונג, עפעס וואָס עס איז האָט זיך צווישען אונז געמאַכט. יאָ, נאָר אויף אייער פנים קען איך ניט לעזען, וואָס דאָס איז אַזוינס. ווי מאָדנע אייער שטערן איז, עדוואַרדאַ! איך זעה עס איצט."

„אָבער איך האָב אייך ניט פֿערגעסען!" האָט זי זיך אָבגע־רופֿען, רויט ווערענדיג דערביי, און פלוצלינג האָט זי אַרונטערגע־רוקט איהר אָרם אונטער מיינעם.

„ניין, ניין, איהר האָט זיך פֿיליכט אויך ניט פֿערגעסען אָן מיר. אָבער דאַן ווייס איך ניט, וואָס איך זאָג. איינס פֿון די ביידע."

„מאָרגען קריגט איהר אַן איינלאַדונג. איהר מוזט מיט מיר טאַנצען. ווי מיר וועלען דאָס אַביסעל טאַנצען!"

„ווילט איהר מיך בעגלייטען אַ שטיק וועגס?" האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן.

„איצט? ניין, דאָס קען איך ניט," האָט זי געענטפֿערט. „דער דאָקטאָר קומט גלייך, ער מוז מיר נאָך צוהעלפֿען ביי וואָס עס איז, ס'איז נאָך דאָ וואָס צו טהאָן. נאַ, איהר מיינט אַלזאָ, אַז דאָס צימער קען אַזוי אָנגעהן? אָבער דיינקט איהר ניט..."

אויף דרויסען שטעלט זיך אָב אַ וואָגען.

„וואָס זשע, דער דאָקטאָר קומט, הייסט עס, היינט צופאָה־רען?" פרעג איך.

„יאָ, כ'האָב געשיקט דעם וואָגען איהם ברייננגען, כ'האָב גע־וואָלט..."

„שוינען זיין קראַנקען פוס, נו יאָ. נאַ, איצט מוז איך זיך אָב־טראָגען פון דאַנען... גוטען טאָג, גוטען טאָג, דאָקטאָר."

„ס'פרעהט מיך, אייך ווידער צו זעהן. אימער פריש און גע־זונד? כ'האָף, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ווען איך וועל פער־שווינדען."

אויף דרויסען ביי די הויז-טרעפ האָב איך זיך איינמאָל אומ־געקעהרט. עדוואַרדאַ איז געשטאַנען ביים פענסטער און האָט מיר נאָכגעקוקט; זי האָט געהאַלטען די פאָרהאַנגען מיטביידע הענד אָן אַ זייט, כדי צו זעהן; איהר אויסדרוק איז געווען געדאַנקען־פול. אַ לעכערליכע פרייד נעהמט מיך דורך, שנעל געה איך אַוועק פון'ם הויז, מיט לייכטע פיס און מיט אַ פערפינסטערטען בליק, דער ביקס איז געווען גרינג ווי אַ שפּאַציר-שטעקען ביי מיר אין דער האַנד. ווען איך קריג זי נור, וואָלט איך געוואָרען אַ גוטער מענש, האָב איך ביי זיך געקלעהרט. כ'בין צוגעקומען צום וואַלד און ווייטער געטראַכט: ווען איך בעקום זי נור, וואָלט איך איהר אונערמיעדליכער געדיענט, איידער ווער עס איז, און ווען עס זאָל זיך אפילו אַרויסווייזען, אַז זי איז מיך ניט ווערטה, ווען עס זאָל איהר איינפאַלען, צו פערלאַנגען פון מיר דאָס אונמעגליכע, וואָלט איך אַלעס געטהאָן, וואָס איך וואָלט נור געקענט, יאָ, נאָך מעהר ווי איך וואָלט געקענט, און איך וואָלט זיך געפרעהט דערמיט, וואָס זי איז מיינע... כ'בין געבליבען שטעהן, האָב זיך געלייגט אויף די קניע און פאַר אונטערטהעניגקייט און האָפנונג האָב איך אָבגעלעקט עטליכע גרעזעלאַך אויף'ן וועג; דערנאָך בין איך ווידער אויפגע־שטאַנען.

ענדליך האָב איך זיך כמעט געפיהלט זיכער. איהר פּערענ־דערטע בענעהמונג אין דער לעצטער צייט איז בלויז געווען איהר שטייגער אַזוי; זי איז געשטאַנען און האָט מיר נאָכגעקוקט, ווען

איך בין אַוועק, איז געשטאַנען ביים פֿענסטער און האָט מיר נאָכ־געפֿאָלגט מיט די בליקען, ביז וואַנען איך בין פֿערשוואונדען; וואָס נאָך האָט זי געקענט טהאָן? מיין פֿרייד האָט מיך גאָר אין גאַנ־צען צומישט, איך בין געווען הונגעריג, און איך האָב עס ניט גע־פֿיהלט.

עזאָפּ איז געלאָפֿען פֿאַראויס; אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אָנגעהויבען בילען. איך גיב אַ קוק; אַ פֿרויענצימער מיט אַ ווייס טיכעל אַרום קאָפּ שטעהט ביים ווינקעל פֿון שטיבעל. ס'איז גע־ווען עוואַ, דעם שמיעד'ס טאָכטער.

„גוטען טאָג, עוואַ!" האָב איך זיך אָבגערופֿען.

זי איז געשטאַנען לעבען דעם הויכען, גראָען שטיין, דער גאַנ־צער פּנים רויט, און האָט געזויגען פֿון אַ פֿינגער.

„ביסט דו דאָס, עוואַ? וואָס פֿעהלט דיר?" האָב איך געפֿרעגט.

„עזאָפּ האָט מיר אַ ביס געטהאָן," האָט זי געענטפֿערט און בעת מעשה אַראָבגעלאָזט די אויגען.

כ'האָב בעקוקט איהר פֿינגער. זי האָט זיך איהם אַליין איינ־געביסען. אַ געדאַנק, אַן אַהנונג געהט מיר דורך אין קאָפּ, און איך פֿרעג:

„דו שטעהסט שוין דאָ לאַנג און וואַרטסט?"

„ניין, ניט לאַנג," האָט זי געענטפֿערט.

און אָהן דעם אַז ווער פֿון אונז זאָל אויסרייידען אַ וואָרט, האָב איך זי אָנגענומען ביי דער האַנד און זי אַריינגעפֿיהרט אין שטיבעל.

---

## XVII.

איך בין ווי געוועהנליך געקומען פֿון'ם פֿיש-כאַפּען און האָב זיך געפֿונען אויף'ן „באַל" מיט דעם געוועהר און מיט דער יאַגד-טאַש, כ'האָב בלויז אָנגעטהאָן מיין בעסטען לעדערנעם קאָסטיום. ס'איז שוין געווען שפּעט, ווען איך בין געקומען קיין סירילונד; כ'האָב געהערט, אַז אינעווייניג ווערט געטאַנצט; באַלד נאָכדעם האָבען זיך דערהערט שטימען: אָט איז דער יעגער, דער לייטענאַנט! אַ פּאָר יונגע לייט האָבען זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר און געוואָלט זעהן, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פֿון דער יאַגד; כ'האָב געהאַט געשאָסען אַ פּאָר ים-פֿייגעל און געכאַפּט עטליכע שעל-פֿיש. עדוואַרדאַ האָט מיך אויפֿגענומען מיט אַ שמייכעל, זי האָט נאָר וואָס געהאַט אָבגעטאַנצט, זי איז געווען רויט.

„דעם ערשטען טאַנץ מיט מיר!" האָט זי געזאָגט.

און מיר האָבען געטאַנצט. קיין אונגליק האָט זיך ניט געמאַכט; מיר האָט אָנגעהויבען שווינדלען אין קאָפּ, נאָר איך בין ניט אומגעפֿאַלען. מיינע הויכע שטיוועל האָבען אָנגעמאַכט גאָר אַ נישקשה'דיגען ליאַרם, איך אַליין האָב געהערט דעם דאָזיגען ליאַרם און איך האָב בעשלאָסען מעהר ניט צו טאַנצען; אַחוץ דעם האָב איך אויך צוקראַצט די געמאָלטע פּאָדלאָגע. ווי האָט עס מיך פֿונדעסטוועגן פֿאָרט געפֿרעהט, וואָס איך האָב ניט אָנגעמאַכט קיין גרעסערע צרות.

הערר מאַק'ס ביידע קאָמים זיינען אויך געווען אָנוועזענד און זיי האָבען געטאַנצט גרינדליך און ערנסט, דער דאָקטאָר האָט גענומען אַ היבשען אָנטהייל אין די אַלגעמיינע טענץ. אַחוץ אָט די

הערדען זיינען געווען נאָך פיער גאַנץ יונגע מענער, די זיהן פון'ם אויבער-פאַסטאָר און פון דעם לאַנד-דאָקטאָר. אַ פרעמדער האַנ-דעלס-רייזענדער איז אויך געקומען, ער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין שעהנער שטימע און האָט צוגעזוננגען צום טאַקט מיט דער מוזיק; צייטענווייז האָט ער אַרויסגעהאָלפען די דאַמען ביים קלאַוויר.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי די ערשטע שטונדען זיינען פערלאָפען, נאָר פון'ם לעצטען טהייל פון דער נאַכט ווייס איך נאָך אַלצדינג. די זונן האָט די גאַנצע צייט אַריינגעשיינט אַ רויטע אין צימער און די ים-פייגעל זיינען געשלאָפען. מיר האָבען געקראָגען ווייך און קיכלאַך, מיר האָבען געערדט הויך און געזונגען, עדוואַרדאַ'ס גע-לעכטער האָט אָבגעקלונגען פריש און מונטער דורך דאָס גאַנצע צימער. אָבער פאַרוואָס האָב איך פון איהר מעהר קיין וואָרט ניט אַרויסגעקריגען? איך בין צוגעגאַנגען נאָהענט צו איהר און האָב געוואָלט, אַזוי גוט ווי איך האָב עס נור געקענט, מאַכען איהר אַ קאָמפּלימענט; זי האָט געטראָגען אַ שוואַרץ קלייד, ס'איז פיליכט געווען איהר „בר-מצוה"-קלייד, און עס איז געוואָרען צו קורץ אויף איהר, נאָר ס'האָט איהר זעהר גוט געקליידט, ווען זי האָט געטאַנצט, און דאָס האָב איך איהר געוואָלט זאָגען...

„ווי דאָס שוואַרצע קלייד..." האָב איך אָנגעהויבען.

אָבער זי איז אויפגעשטאַנען, האָט אָנגענומען איינע פון איה-רע פריינדינען ביים אָרם און איז מיט איהר אַוועק. דאָס האָב איך ווידערהאָלט אַ פּאָר מאָל. גוט, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס קען מען זיך העלפען? אָבער נאָך וואָס שטעהט זי ביי די פענסטער און קוקט מיר נאָך מיט אַזעלכע טרויעריגע אויגען, ווען איך געה אַוועק פון איהר?

אַ דאַמע האָט מיך גערופען טאַנצען. עדוואַרדאַ איז געזעסען ניט ווייט פון אונז, און איך האָב געענטפערט הויך אויף'ן קול:

„ניין, איך וועל גלייך געהן אַהיים."

עדוואַרדאַ האָט געוואָרפען אויף מיר אַ פרעגענדען בליק און געזאָגט:

„געהן? אָה ניין, איהר געהט ניט."

כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר און געפֿיהלט, אַז די צייהן פּרעסען זיך מיר צונויף אויף די ליפּען. איך בין אויפֿגעשטאַנען.

„דאָס, וואָס איהר האָט דאָ געזאָגט, קומט מיר פֿאַר פֿיעל־דייטיג," האָב איך זיך אָבגערופֿען און געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דער טהיר.

דער דאָקטאָר האָט זיך מיר געשטעלט אין וועג, און עדוואַרדאַ אַליין איז אויך צוגלאָפֿען.

„פֿערשטעהט מיך נור ניט פֿאַלש," האָט זי געזאָגט מיט אַ וואַרעמען טאָן. „איך האָב געוואָלט זאָגען, אַז איהר וועט האָפֿענט־ליך זיין דער לעצטער, וואָס וועט אַוועקגעהן פֿון דאַנען, דער סאַמע לעצטער. אויסערדעם איז דאָך ערשט איינס אַזייגער... הערט נאָר," האָט זי צוגעלייגט מיט שטראַהלענדע אויגען, „איהר האָט דעם מאַן פֿון אונזער שיפֿעל געגעבען פֿינף טהאַלער, דערפֿאַר וואָס ער האָט געראַטעוועט מיין שוך פֿון דערטרונקען ווערן. דאָס איז געווען אַ צו הויכער פּרייז." און זי האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט פֿון גאַנצען האַרצען און זיך אומגעדרעהט צו אַלע אַנדערע.

איך בין געשטאַנען מיט אַן אָפֿענעם מויל, אַ דערשלאָגענער, אַ צוטומעלטער.

„אָט אַפּנים אייך גלוסט זיך צו מאַכען שפּאַס," האָב איך גע־זאָגט. „איך האָב דעם מאַן פֿון אייער שיפֿעל ניט געגעבען קיין פֿינף טהאַלער."

„אַזוי? איהר האָט איהם ניט געגעבען קיין פֿינף טהאַלער?" זי האָט געעפֿענט די טהיר צו דער קיך און אַריינגערופֿען דעם מאַן. „יאַקאָב, דו געדיינקסט דאָך נאָך אונזער רייזע צו די „קוה־אינזעלאַך"? דו האָסט געראַטעוועט מיין שוך, וועלכער איז אַריינ־געפֿאַלען אין וואַסער?"

„יאָ," האָט יאַקאָב געענטפֿערט.

„דו האָסט געקראָגען פֿינף טהאַלער, דערפֿאַר וואָס דו האָסט געראַטעוועט דעם שוך?"

„יאָ, איהר האָט מיר געגעבען..."

„גוט. דו קענסט געהן."

וואָס איז זי אויסען מיט דעם דאָזיגען קונץ־שטיק? האָב איך

בי זיך געקלעהרט. וואָס זשע, זי וויל מיך פערשעהמען? דאָס וועט זיך איהר ניט איינגעבען; איך וועל ניט רויט דערפון. הויך און דייטליך האָב איך זיך אָבגערופען:

„איך מוז דאָ אַלעמען צו וויסען טהאָן, אַז דאָס איז אָדער אַ טעות אָדער אַ ליגען. ס'איז מיר אפילו אויף'ן זינען ניט אַרויף צו געבען דעם מאַן פון'ם שיפעל פינף טהאַלער פאַר אייערע שיך. כ'האָב עס פיליכט געדאַרפט טהאָן, נאָר ביז איצט איז עס ניט געשעהן."

„און אַצונד ווערט ווידער געטאַנצט," האָט זי געזאָגט און איהר שטערן איז פול געוואָרען מיט קנייטשען. „פאַרוואָס טאַנצען מיר ניט?"

דערפאַר איז זי מיר שולדיג אַן ערקלעהרונג, האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט, און איך בין אַוועק און האָב אָבגעוואַרט די גע־לעגענהייט, צו קענען ריידען מיט איהר. זי איז אַריין אין'ם זייטען־צימער, און איך בין איהר נאָכגעגאַנגען.

„פראָזיט!" (לחיים!) האָב איך זיך אָבגערופען און געוואָלט מיט איהר אָנקלאַפען.

„כ'האָב גאָרנישט אין מיין גלאָז," האָט זי געענטפערט קורץ.

„כ'האָב געמיינט, דאָס איז אייער גלאָז?"

„ניין, דאָס איז ניט מיינס," האָט זי געזאָגט און זיך גלייך געווענדט צו איהר שכן.

„דאַן ענטשולדיגט מיר," האָב איך געזאָגט.

עטליכע געסט האָבען בעמערקט אָט די קליינע סצענע.

דאָס האַרץ האָט זיך מיר געהויבען אין דער ברוסט; גע־קריינקט און בעליידיגט האָב איך זיך אָבגערופען:

„איהר זייט מיר פונדעסטוועגען שולדיג אַן ערקלעהרונג..."

זי איז אויפגעשטאַנען, האָט מיך אָנגענומען פאַר ביידע הענד און געזאָגט מיט האַרץ:

„אָבער ניט היינט, ניט איצט. איך בין אַצונד אַזוי ניט אויפ־געלייגט דערצו. גאָט, ווי איהר קוקט מיך אָן! מיר זיינען דאָך אַמאָל געוועזן גוטע פריינד..."

פאָלשטענדיג בעזיעגט, האָב איך זיך פערקירעוועט נאָך רעכטס און בין צוריק אַריין אין טאַנץ־זאַאַל.

באַלד נאָכדעם איז אויך עדוואַרדאַ אַריינגעקומען, זי האָט זיך געשטעלט ביים קלאַוויר, וואו דער האַנדעלס-רייזענדער איז געזע־סען און האָט געשפּיעלט אַ טאַנץ; איהר געזיכט איז אין דער רגע געווען פול מיט אַ טיעפען שמערץ.

„איך האָב קיינמאָל ניט געלערענט שפּיעלען,“ זאָגט זי און קוקט מיך אָן מיט דונקעלע אויגען. „ווען איך וואָלט דאָס געקענט!“

דערויף האָב איך גאָרנישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. אָבער מיין האַרץ איז איהר ווידער אַנטקעגען געפלויגען, און איך האָב געפרעגט:

„פאַרוואָס זייט איהר מיט אַמאָל אַזוי אומעטיג, עדוואַרדאַ? ווען איהר זאָלט וויסען, ווי איך לייד דערפון.“

„איך ווייס ניט פאַרוואָס,“ האָט זי געענטפערט. „פיליכט איז אַלצדינג שולדיג אין דעם. ווען אָט די מענשען וואָלטען געוואָלט גלייך אַוועקגעהן פון דאַנען, איינער ווי אַלע! ניין, איהר ניט; פערגעסט ניט, איהר זאָלט זיין דער לעצטער.“

ביי די דאָזיגע ווערטער האָב איך ווידער אַמאָל אויפגעלעבט, און מיינע אויגען האָבען דערזעהן דאָס ליכט אין דעם צימער פול מיט זונן. דעם אויבער-פּאַסטאָר'ס טאָכטער איז צוגעקומען צו מיר און האָט פערבונדען מיט מיר אַ געשפּרעך; כ'האָב זי געוואונשען וויט, וויט אַוועק און איך האָב זי אָבגע'פטר'ט מיט קורצע ענט־פערס. כ'האָב מיט אַ כיוון ניט געקוקט אויף איהר, מחמת זי האָט דאָך דאָס געזאָגט אויף מיר, אַז איך האָב אַ בליק פון אַ חיה. זי האָט זיך געווענדט צו עדוואַרדאַ'ן און איהר דערצעהלט, אַז איינ־מאָל, ווען זי איז געווען אין אויסלאַנד, מיר דוכט אין ריגאַ, האָט זיך אַ מאַן אָנגעטשעפּעט אָן איהר און איז איהר נאָכגעגאַנגען אויף דער גאַס.

„פון איין גאַס אין דער אַנדערער איז ער מיר נאָכגעלאָפען און האָט געשמייכעלט צו מיר,“ האָט זי געזאָגט.

„וואָס זשע, ער איז געווען בלינד?“ האָב איך זיך אָבגערו־פען, כדי צו געפינען חן ביי עדוואַרדאַ'ן אין די אויגען, און בעת מעשה האָב איך געצויגען מיט די אַקסלען.

די יונגע דאַמע האָט גלייך אויף'ן שטעל פערשטאַנען מיינע גראָבע ווערטער און האָט געענטפערט:

„נו יאָ, אַוודאי האָט ער געמוזט זיין בלינד, אז ער האָט גע־
קענט נאָכלויפֿן אַן אַלטע מיאוס׳קייט."

אָבער איך האָב זיך דערמיט ניט ערוואָרבן עדוואַרדאָ׳ס דאַנקבאַרקייט, זי האָט אַוועקגענומען איהר פֿריינדין אָן אַ זייט; זיי האָבען זיך געשושקעט איינע מיט דער אַנדערער און געשאָקעלט מיט די קעפּ. פֿון דער מינוט אָן בין איך געווען פֿאָלשטענ־דיג אַליין, פֿאַר זיך.

עס געהט פֿערביי נאָך אַ שטונדע, די ים-פֿייגעל דרויסען אויף די פֿעלזען הויבען אָן זיך אויפֿצוכאַפּען פֿון שלאָף; זייער געשריי שפּאַרט זיך אַריין דורך די אָפֿענע פֿענסטער צו אונז אין צימער. אַ פֿרייד נעהמט מיך דורך און דורך, בעת איך דערהער די ערשטע קולות פֿון די פֿייגעל, און עס ציהט מיך אַרויס צום ים...

דער דאָקטאָר איז ווידער געווען גוט אויפֿגעלייגט און האָט געצויגען די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט אויף זיך. די דאַמען זיינען נאָר ניט מיעד געוואָרען זיך צו געפֿינען לעבען איהם. איז דאָס דאָ מיין קאָנקורענט? האָב איך זיך געטראַכט, און איך האָב אויך געקלעהרט מכח זיין הינקעדיגען פֿוס און זיין קלעגליכע פֿיגור. ער האָט זיך אויסגעטראַכט אַ נייע, וויציגע קללה, ער האָט געזאָגט „טויט און פֿינזעל", און יעדעס מאָל, ווען ער האָט אָנגעווענדט אָט דעם מאָדנעם פֿלוך, האָב איך זיך פֿונאַנדערגעלאַכט הויך אויף׳ן קול. אין מיין שמערץ האָב איך זיך אָבגעלייגט דערויף, אָט דעם מאַן, טאַקע דערפֿאַר וואָס ער איז געווען מיין קאָנקורענט, צו פֿערשאַפֿען אַלע פֿאָרטיילען, וואָס זיינען נור געווען אין מיין מאַכט. איך האָב געהאַלטען אין איין אונטערגעבען איהם מוטה; כ׳האָב געשריען: „טאָ הערט דאָך, וואָס דער דאָקטאָר זאָגט!" און איך האָב זיך געצוואונגען צו לאַכען הויך אויף׳ן קול ביי יעדען ווער־טעל, וואָס ער האָט אויסגערעדט.

„איך ליעב די וועלט," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, „כ׳האַלט זיך פֿעסט מיט הענד און פֿיס אָן דאָס דאָזיגע לעבען. און אַז איך וועל אַמאָל שטאַרבען, האָף איך, אַז איך וועל אויבען אין הימעל קריגען אַ פּלאַץ גראָד ערגעץ-וואו איבער לאָנדאָן אָדער פּאַריז, כדי

איך זאָל כסדר, כסדר קענען הערען דעם רוישיגען קאַנקאַן־טאַנץ פון די מענשען."

„גרויסאַרטיג!" האָב איך אויסגעשריען און זיך פונאַנדערגע־הוסט פאַר געלעכטער, כאָטש איך בין ניט אויף אַ האָר אפילו געווען בערוישט.

עדוואַרדאַ האָט אויך אויסגעזעהן צו זיין שטאַרק פערא־ינטע־רעסירט אין דער דאָזיגער לוסטיגקייט.

אַז די געסט האָבען אָנגעהויבען פונאַנדערגעהן, בין איך פער־קראָכען אין דעם קליינעם זייטען־צימער און איך האָב זיך אַנידער־געזעצט און געוואַרט. כ'האָב געהערט איין אַריע נאָך'ן אַנדערן דרויסען אויף די טרעפ, דער דאָקטאָר האָט זיך אויך אָבגעזעגענט און איז אַוועק. באַלד זיינען אַלע שטימען אָבגעשטאָרבען. מיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפט, בעת ווען איך האָב געוואַרט.

עדוואַרדאַ איז אַריינגעקומען. אַז זי האָט מיך דערזעהן, איז זי אַ רגע געבליבען שטעהן אַ פערוואונדערטע, דאַן האָט זי מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

„אַך יאָ, איהר זייט דאָ. דאָס איז געווען פריינדליך פון אייך צו וואַרטען ביז צולעצט. איצט בין איך טויט מיער."

זי איז געבליבען שטעהן.

כ'האָב זיך אויך אויפגעהויבען און געזאָגט:

„יאָ, איצט מוזט איהר זיך דאָך אויסרוהען. איך האָף, אַז אייער שלעכטע שטימונג איז שוין אַריבערגעגאַנגען, עדוואַרדאַ. נאָר וואָס זייט איהר געווען אַזוי טרויעריג, און דאָס האָט מיר פערשאַפט שמערצען."

„דאָס וועט שוין אַריבערגעהן, ווען איך קען נור שלאָפען."

כ'האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגען, און איך האָב זיך גע־לאָזט געהן צו דער טהיר.

„איך דאַנק אייך פאַר היינטיגען אָבענד," האָט זי געזאָגט און האָט מיר דערלאַנגט די האַנד. און אַז זי האָט מיך אויך געוואָלט בעגלייטען אַרויס ביז די טרעפ, האָב איך זיך געסטאַרעט איהר אָבצורייִדען דערפון.

„ס'איז ניט נייטיג," האָב איך זיך אָבגערופען, „מאַכט זיך ניט קיין איבעריגע אַרבייט, כ'קען זעהר גוט אַליין..."

אָבער זי האָט מיך פונדעסטוועגן פאָרט אַרויסבעגלייט. זי איז געשטאַנען אין קאָרידאָר און האָט גערולדיג געוואַרט, אין דער צייט וואָס איך האָב צונויפגעזוכט מיין היטעל, מיין געוועהר און מיין יאַגד־טאַש. אין ווינקעל איז געשטאַנען אַ שפּאַציר־שטעקען; כ'האָב זעהר גוט געזעהן דעם שטעקען, כ'קוק איהם אָן און דערקען איהם, ס'איז געווען דעם דאָקטאָר'ס. אַז זי בעמערקט וואוהין מיינע אויגען קוקען, ווערט זי רויט פאַר פערלעגענהייט; מען האָט געקענט דייטליך זעהן אויף איהר געזיכט, אַז זי איז געווען אונגערולדיג און האָט ניט אָנגעהויבען וויסען פון דעם שטעקען. ס'געהט פערביי אַ גאַנצע מינוט. ענדליך פּלאַצט אַרויס אַ ווילדע אונגערולד פון איהר, און מיט אַ ציטערנדער שטימע זאָגט זי:

„אייער שטעקען. פערגעסט ניט אייער שטעקען."

און פאַר מיינע אויגען דערלאַנגט זי מיר דעם דאָקטאָרס שטע-קען.

כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהר, זי האָט נאָך געהאַלטען דעם שטעקען מיר אַנטקעגען, איהר האַנד האָט געציטערט. כדי צו מאַכען אַ סוף צו דער געשיכטע, האָב איך גענומען דעם שטע-קען און איהם אַוועקגעשטעלט צוריק אין ווינקעל. כ'האָב געזאָגט:

„דאָס איז דעם דאָקטאָר'ס שטעקען. כ'קען גאָר ניט פערשטעהן, ווי אַזוי דער הינקעדיגער מאַן האָט געקענט פערגעסען זיין שטעקען."

„איהר מיט אייער „הינקעדיגען מאַן"!" האָט זי זיך אָבגערופען מיט בעס און האָט געמאַכט אַ טריט אַנטקעגען מיר. „איהר הינקט ניט, יעדענפאַלס ניט; נאָר אַז איהר וואָלט נאָך דערצו געהונקען אויך, וואָלט איהר ניט געקענט בעשטעהן פאַר איהם. יאָ!"

כ'האָב געזוכט עפּעס אַן ענטפער, נאָר עס האָבען מיר גע-פעהלט די ווערטער, — כ'האָב געשוויגען. מיט אַ טיפער פערניי-גונג בין איך הינטערוויילאַכס אַרויס צו דער טהיר און אַרונטער די טרעפּ. דאָ בין איך געשטאַנען אַ רגע און האָב געקוקט פאָר-אויס, דערנאָך בין איך אַוועק.

אַזוי, אַזוי, ער האָט פערגעסען זיין שטעקען, האָב איך זיך געטראַכט, און ער וועט צוריקקומען, איהם נעהמען. ער וויל ניט, איך זאָל זיין דער לעצטער, וואָס געהט אַרויס פון דעם הויז...

כ׳בין געגאַנגען נאָנט לאַנגזאַם מיט׳ן וועג אַרויף און דערביי האָב איך זיך אומגעקוקט פֿון הינטען און פֿון פֿאָרענט; ביים ראַנד פֿון וואַלד בין איך געבליבען שטעהן. ענדליך נאָכדעם ווי איך האָב אָבגעוואַרט אַ האַלבע שעה צייט, איז דער דאָקטאָר מיר אַנטקעגען געקומען, ער האָט מיך געזעהן און איז געגאַנגען שנעל. נאָך איי־דער ער האָט געקענט אויסריידען אַ וואָרט, האָב איך אַ מאַך גע־טהאָן מיט מיין מיץ אין דער לופֿטען, כדי איהם צו שטעלען אויף דער פֿראַגע. אויך ער האָט אַרונטערגענומען דעם הוט. כ׳בין צו־געגאַנגען צו איהם און האָב געזאָגט:

„איך האָב אייך ניט בעגריסט."

ער האָט אָבגעטראָטען אַ טריט צוריק און האָט מיך אָנגעקוקט

„איהר האָט מיך ניט בעגריסט?"

„ניין," האָב איך געזאָגט.

פויזע.

„נו, ס׳איז מיר אַלצאיינס, וואָס איהר האָט געטהאָן," האָט ער געענטפֿערט, און ער איז בעת מעשה געוואָרען בלייך. „כ׳געה צוריק נעהמען מיין שטעקען, ווערלכען איך האָב פֿערגעסען."

דערצו האָב איך גאָרנישט געהאַט, וואָס צו זאָגען; נאָר איך האָב זיך אָבגערעכענט מיט איהם אויף אַן אַנדער אופן; כ׳האָב אויסגעשטרעקט דעם ביקס פֿאַר איהם, אָקוראַט ווי ער וואָלט גע־ווען אַ הונד, און געזאָגט:

„שפרינג! האָפּלאַ!"

און איך האָב צוגעפֿייפֿט און איהם צוגערופֿען, ער זאָל אַריבער־שפרינגען.

אַ קורצע ווייל האָט ער געקעמפֿט מיט זיך אַליין, דער אויס־דרוק פֿון זיין געזיכט האָט זיך אויף אַ מאָדנעם אופן אַלע ווייל געביטען, בעת ווען ער האָט צונויפֿגעפרעסט די ליפען און דער בליק זיינער איז געווען צוגעשמידט צו דער ערד. פּלוצלינג האָט ער מיך אָנגעקוקט שאַרף, אַ האַלבער שמייכעל האָט זיך געוויזען אויף זיין געזיכט, און ער האָט געפֿרעגט:

„נאָך וואָס טהוט איהר דאָס אַלעם אייגענטליך?"

כ'האָב ניט געענטפערט; נאָר זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אַן איינדרוק אויף מיר.

מיט אַמאָל דערלאַנגט ער מיר די האַנד און זאָגט מיט אַ נידע־ריגען טאָן;

„עפּעס וואָס איז מיט אייך ניט אין אָרדנונג. ווען איהר ווילט מיר זאָגען, וואָס עס איז, וועל איך פילייכט..."

אצונד בין איך געוואָרען אויסער זיך פאַר שאַנדע און פער־צווייפלונג; אָט די רוהיגע ווערטער האָבן מיך דערשלאָגען, כ'האָב פערלאָרען די גלייכגעוויכט. געוואָלט אַלעס צוריק גוט מאַכען, כ'האָב אַרומגעלייגט מיין אָרם אַרום איהם און אויסגערופען:

„זייט מיר מוחל דערפאַר, הערט איהר? ניין, וואָס זאָל דען מיט מיר זיין ניט אין אָרדנונג? אַלעס איז אין אָרדנונג און איך נויטיג זיך ניט אין אייער הילף. איהר זוכט פילייכט עדוואַרדאַ'ן? איהר וועט זי געפינען אין דער היים. נאָר איילט זיך צו, וואָרים אַניט וועט זי זיך לייגען שלאָפען, איידער איהר קומט; זי איז געווען אַזוי מיעד כ'האָב עס אַליין געזעהן. איך זאָג אייך דאָס בעסטע, וואָס איך וויים איצט, דאָס איז וואַהר, איהר וועט זי געפינען אין דער היים. געהט נור!"

און איך האָב זיך אומגעדרעהט און בין אַנטלאָפען פון איהם; מיט לאַנגע טריט האָב איך זיך געיאָגט אין וואַלד אַריין און פון דאָרט אַהיים צו מיר אין שטיבעל.

אַ היבשע ווילע בין איך געבליבען זיצען אויף מיין בעטעל אין דעם זעלבען צושטאַנד, ווי איך בין אַריינגעקומען, מיט דער יאַגד־טאַש איבער דער שולטער און מיט'ן ביקס אין האַנד. וואונ־דערליכע געדאַנקען האָבן אויפגעלעבט ביי מיר אין מוח. פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי אַראָבגעלאָזען פאַר'ן דאָקטאָר! ס'האָט מיך פער־דראָסען, וואָס איך האָב איהם געהאַלטען אַרומגענומען מיט'ן אָרם און איהם אָנגעקוקט מיט פייכטע אויגען; ער וועט זיך פרעהען דערמיט, האָב איך זיך געטראַכט, פילייכט זיצט ער אין דער רגע דאָרט מיט עדוואַרדאַ'ן און קייכט פון געלעכטער. ער האָט דעם שטעקען זיינעם אַוועקגעשטעלט אין קאָרידאָר. ניט אמת, אַז איך וואָלט נאָך דערצו געהונקען אויך, וואָלט איך ניט געקענט בעשטעהן פאַר'ן דאָקטאָר? דאָס זיינען געווען איהרע אייגענע ווערטער...

איך שטעל זיך אַוועק אין מיטען שטוב, שטעל אָן מיין ביקס מיט'ן מויל צו מיין לינקען פוס-געלענק און דריק אָב. דער שאָס געהט דורך דעם שפּאַן און בויערט דורך אַ לאָך אין דער פּאָדלאָגע. עזאָפּ לאָזט אַרויס אַ קורצען, דערשראָקענעם קוויטש.

גלייך נאָכדעם דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טהיר.

ס'איז געווען דער דאָקטאָר, וועלכער איז צוריקגעקומען.

„ענטשולדיגט, אויב איך שטער אייך," האָט ער אָנגעהויבען. „איהר זייט אַזוי שנעל אַוועק, כ'האָב געטראַכט ביי זיך, עס קען דאָך גאָרנישט שאַדען, מיר זאָלען אַביסעל פּלוידערן צוזאַמען. כ'מיין, עס שמעקט דאָ נאָך פּולווער."

ער איז געווען פּאָלקאָם ניכטער.

„האָט איהר געטראָפען עדוואַרדאַ'ן? האָט איהר געקראָגען אייער שטעקען?" האָב איך געפרעגט.

„כ'האָב געקראָגען מיין שטעקען. ניין, עדוואַרדאַ איז שוין געווען ביי זיך אין שלאָפצימער... וואָס איז דאָס דאָ? אָבער אין גאָטעס נאָמען, איהר זייט דאָך פערבלוטיגט?"

„ניין, ס'איז כמעט גאָרנישט. כ'האָב געוואָלט אַוועקשטעלען דעם ביקס, האָט ער אויסגעשאָסען: ס'איז גאָרנישט. דער טייוועל זאָל אייך נעהמען, וואָס זשע, בין איך דען מחויב צו זיצען דאָ און אייך אָבגעבען חשבון דערפאַר?... אָבער אייער שטעקען האָט איהר געקראָגען?"

ער האָט געקוקט מיט אַ פרעמדען בליק פול אונרוהע אויף מיין צושאָסענעם שטיוועל און אויף דאָס בלוט, וואָס האָט געפלאָסען. אויף גיך האָט ער אַוועקגעלייגט דעם שטעקען און זיך אויסגעטהאָן די האַנדשוה.

„זיצט שטיל, אייער שטיוועל מוז אַרונטער," האָט ער געזאָגט. „ס'איז אַלזאָ ריכטיג געווען; מיר האָט זיך אָבער געדוכט, אַז איך האָב געהערט אַ שאָס."

## XVIII.

ווי איך האָב דאָס שפּעטער בעדויערט אָט דעם וואַהנזיניגען שאָס! ס׳איז ניט ווערטה געווען די מיה, דער גאַנצער עסק האָט זיך ניט געלוינט, און עס האָט אויך קיין שום נוצען געבראַכט; ס׳האָט מיך בלויז צוגעבונדען אויף עטליכע וואָכען צייט צום שטיבעל. אַלע ערגערנישען און אונאַנגענעהמליכקייטען שטעהען מיר נאָך לע־בעדיג פאַר די אויגען; מיין וואַש־פרוי האָט יעדען טאָג געמוזט קומען צו מיר אין שטיבעל און זיך דאָרט במעט כסדר אויפהאַלטען, האָט געמוזט איינקויפען צום עסען, בעזאָרגען מיין בעל הבית׳ישקייט. עטליכע וואָכען זיינען אַזוי אַריבער. נו יאָ!

איין טאָג האָט דער דאָקטאָר געמאַכט אַ רייד וועגען עדוואַרדאַ׳ן; כ׳האָב געהערט איהר נאָמען, געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט און געטהאָן, און עס האָט פאַר מיר מעהר קיין איבריגע בעדייטונג ניט געהאַט; ס׳איז געווען, גלייך ער וואָלט גערעדט מכח אַ וויים־ליגענדע זאַך, וואָס געהט מיך גאָרנישט אָן. ווי שנעל מען קען זיך דאָס פערגעסען! האָב איך געטראַכט מיט ערשטוינונג.

„נו, וואָס דענקט איהר אַליין וועגען עדוואַרדאַ׳ן, אַז עס האַלט שוין יאָ דערביי? איך האָב, דעם אמת זאָגענדיג, זינט עטליכע וואָכען ניט געדיינקט פון איהר. ווארט אַקאָרשט, מיר קומט פאָר, אַז עפּעס מוז דאָך צווישען אייך זיין, איהר זייט אַזוי אָפט געווען צו־זאַמען, איהר זייט געווען דער בעל הבית ביי אַ רודער־פּאַרטיע, און זי די בעל הבית׳טע. לייקענט ניט, דאָקטאָר, ס׳איז דאָך עפּעס געווען, אַ געוויסער אָבמאַך. ניין, אום גאָטעס ווילען, ענטפערט מיר ניט; איהר זייט מיר ניט שולדיג קיין שום ערקלעהרונג;

איך פרעג ניט, כדי וואָס עס איז צו דערגעהן ביי אייך; לאָמיר ריידען פון עפּעס אַנדערש, אויב איהר ווילט. ווען וועל איך קענען ווידער געהן מיט מיין פוס?"

איך בין געבליבען זיצען פערטראַכט מכח דעם, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט. פאַרוואָס האָב איך טיעף אינעווייניג ביי מיר אַזוי מורא געהאַט, דער דאָקטאָר זאָל זיך חלילה ניט אויסריידען? וואָס איז מיך עדוואַרדאַ אָנגעגאַנגען? כ'האָב זי דאָך פערגעסען.

שפּעטער האָט זיך ווייטער געמאַכט אַ געשפּרעך וועגען עד־וואַרדאַ'ן, און איך האָב דעם דאָקטאָר ווידער אַמאָל איבערגעשלאָ־גען די רייד; גאָט ווייס, וואָס איך האָב דאָ מורא געהאַט צו דערגעהן.

„פאַרוואָס לאָזט איהר מיך ניט ריידען?" האָט ער געפרעגט.

„וואָס זשע, איהר קענט עס אַבסאָלוט ניט אַריבערטראָגען, ווען איהר נאָמען קומט איבער מיינע ליפּען?"

„זאָגט מיר," האָב איך געפרעגט, „וואָס איז אייער אייגענע מיין נונג וועגען פריילין עדוואַרדאַ? דאָס אינטערעסירט מיך צו וויסען."

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט מיסטרויאישע בליקען.

„מיין אייגענע מיינונג?"

„איהר קענט מיר היינט פיליכט דערצעהלען עפּעס נייעס וועגען איהר; איהר האָט דאָך אפשר געבעטען איהר האַנד און געקריגען אַן ענטפער אויף יאָ. קען איך אייך גראַטולירען? ניט? נו יאָ, דער טייוועל קען אייך וויסען! האַהאַהאַ."

„אַלזאָ, דאָס איז דאָס געווען, וואָס איהר האָט מורא געהאַט?"

„מורא געהאַט? בעסטער דאָקטאָר!"

פויזע.

„ניין, איך האָב ניט געבעטען איהר האַנד און ניט געקריגען קיין ענטפער אויף יאָ," האָט ער זיך אָבגערופען; „איהר האָט עס אפשר געטהאָן. עדוואַרדאַ'ס האַנד בעט מען ניט, זי נעהמט דעם, וועמען איהר האַרץ גלוסט. וואָס מיינט איהר, זי איז אַ פּראָסטע פויערטע? איהר האָט אָט די פערזאָן געטראָפען אויבען אין נאָרד־לאַנד, און איהר האָט עס אַליין געזעהן, זי איז אַ קינד, וואָס האָט געקריגען צו ווייניג שמיץ, און אַ פרוי מיט אַסך קאַפּריזען. קאַלט?

דערפֿאַר האָט איהר ניט וואָס מורא צו האָבען. ווארום? אייז, זאָג איך אייך. וואָס איז זי אין גאַנצען? אַ קליין מיידעל, פֿון זעכצעהן, זיבעצעהן יאָהר, ניט אמת? אָבער פּרוּאווט אַקאָרשט וועלען ווירקען אויף דאָס דאָזיגע קליינע מיידעלע, און אייער מיה וועט זיין אַרויס־געוואָרפֿען. אפילו דער פֿאָטער איהרער קען מיט איהר גאָרנישט מאַכען; ס׳זעהט דוכט זיך אויס, אַז זי פֿאָלגט איהם, אָבער אין דער ווירקליכקייט רעגירט זי אַליין. זי זאָגט, איהר האָט אַ בליק פֿון אַ חיה...״

„איהר האָט אַ טעות, דאָס איז אַן אַנדערע, וואָס זאָגט, אַז איך האָב אַ בליק פֿון אַ חיה.״

„אַן אַנדערע? וואָס פֿאַר אַן אַנדערע.״

„דאָס ווייס איך ניט. איינע פֿון איהרע פֿריינדינען. ניין, עד־וואַרדאַ האָט עס ניט געזאָגט. נאָר וואַרט — פֿילייכט איז דאָס טאַקע עדוואַרדאַ אַליין...״

„אַז איהר קוקט זי אָן, האָט עס די און די ווירקונג אויף איהר, זאָגט זי. אָבער מיינט איהר אפשר, אַז דאָס ברייגנט אייך כאָטש אויף אַ האָר נעהענטער צו איהר? ס׳הויבט זיך ניט אָן. איהר קענט קוקען אויף איהר; איהר קענט זיך די אויגען אויסקוקען אויף איהר; נאָר אַזוי גיך ווי זי בעמערקט, אַז איהר נעהמט זי דורך מיט אייער בליק, וועט זי זיך זאָגען: זעהט, אָט שטעהט אַלזאָ דער דאָזיגער מאַן און קוקט מיך אָן און מיינט, אַז ער האָט מיך שוין! און מיט איין בליק אָדער מיט איין קאַלטען וואָרט וועט זי אייך פֿערטרייבען צעהן מייל ווייט פֿון זיך. וואָס מיינט איהר, איך קען זי ניט? ווי אַלט, דיינקט איהר, איז זי?״

„זי איז דאָך געבוירען געוואָרען אין אַכט און דרייסיג.״

„אַ ליגען. איך האָב פֿון שפּאַס וועגען נאָכגעפֿאָרשט די זאַך. זי איז אַלט צוואַנציג יאָהר; איבעריגענס וואָלט זי זעהר גוט גע־קענט אָנגעהן פֿאַר פֿופֿצעהן. זי איז ניט קיין גליקליכע זעעלע; ביי איהר אין דעם קליינעם קאָפּ אַרבייט עס צופֿיעל. אַז זי שטעהט אַזוי און קוקט אַרוים אויף בערג און ים, און איהר זעהט, ווי איהר מויל פֿערציהט זיך מיט שמערץ אָט דאָ, דאַן איז זי אונגליקליך; נאָר זי איז צו שטאָלץ און צו איינגע׳עקשן׳ט צו וויינען. דערצו

האָט זי אַ שטאַרקע פֿאַנטאַזיע, זי וואַרט אויף אַ פּרינץ. ווי איז דאָס געווען מיט די געוויסע פֿינף טהאַלער, וועלכע איהר האָט כלומר'שט אַוועקגעשיינקט דעם מאַן פֿון שפּיעל?..."

„אַ שפּאַס. ניין, ס'איז גאָרנישט געווען..."

„אויך דאָס איז געווען עפּעס. אַן עהנליכע זאַך האָט זי אַמאָל געמאַכט מיט מיר. שוין אַ יאָהר אין דעם. מיר זיינען געווען אויף'ן פּאָסט-שיף, בעת עס איז געשטאַנען דאָ אין האַפֿען. ס'האָט גערעגענט און עס איז געווען קאַלט. אַ פֿרוי מיט אַ קליין קינד זיצט אויף'ן פֿערדעק און פֿריערט. עדוואַרדאַ פֿרעגט זי: ס'איז אייך גאָרנישט קאַלט? יאָ, דער פֿרוי איז געווען קאַלט. נו, און דעם קינד איז דען ניט קאַלט? געוויס, דעם קינד איז אויך געווען קאַלט. פֿאַרוואָס געהט איהר ניט אַראָב אין דער קאַיוטע? פֿרעגט עדוואַרדאַ. מיין בילעט איז פֿאַר'ן פֿערדעק, האָט די פֿרוי געענטפֿערט. עדוואַרדאַ קוקט מיך אָן. די פֿרוי האָט נור אַ בילעט פֿאַר'ן פֿערדעק, זאָגט זי. וואָס קען מען טהאָן דערצו? ענטפֿער איך ביי מיר. אָבער איך פֿערשטעה עדוואַרדאַ'ס בליק. איך בין ניט קיין רייכער מאַן, כ'האָב זיך אַרויפֿגעאַרבייט פֿון גאָרנישט, און איך צעהל דאָס געלד, וואָס איך גיב אויס. איך טרעט אַלזאָ אָב פֿון דער פֿרוי אָן אַ זייט און טראַכט ביי זיך: ווען עס האַלט שוין יאָ דערביי צו בעצאָהלען פֿאַר איהר, טאָ זאָל עדוואַרדאַ אַליין בעצאָהלען, זי און איהר פֿאָטער האָבען מעהר געלד ווי איך. און עדוואַרדאַ בעצאָהלט טאַקע אַליין. אין דעם פּרט איז זי גרויסאַרטיג, זי האָט גאָר ניט קיין שלעכט האַרץ. נאָר אַזוי וואַהר ווי איך זיץ דאָ, זי האָט גאָר אַנדערש ניט גערעכענט, אַז איך וועל בעצאָהלען דעם קאַיוטען פּלאַץ פֿאַר דער פֿרוי מיט'ן קינד, כ'האָב עס דערקענט אָן איהר בליק. וואָס, מיינט איהר, איז געווען ווייטער? די פֿרוי איז אויפֿגעשטאַנען און האָט געדאַנקט פֿאַר דער גרויסער הילף. ניט מיר דאַנקט, נאָר דאַנקט אָט דעם הערר דאָרט, ענטפֿערט עדוואַרדאַ און ווייזט מיט אַ רוהיגער מיענע אָן אויף מיר. ווי געפֿעלט אייך דאָס? איך הער, ווי די פֿרוי דאַנקט אויך מיר, און איך קען גאָרנישט ענטפֿערן דערויף, איך טוו עס לאָזען געהן ווי עס געהט. זעהט איהר, דאָס איז בלויז איין צוג, נאָר איך וואָלט

אייך געקענט דערצעהלען אַסך אַזעלכע. און וואָס אָנבעלאַנגט די פינף טהאַלער, האָט זי אַליין געגעבען דעם מאַן פון שיפעל דאָס געלד. ווען איהר טהוט עס, וואָלט זי אייך אַרויפגעפאַלען אויף'ן האַלז; איהר האָט, הייסט עס, געדאַרפט זיין דער גרויסאַרטיגער העלד, וואָס זאָל בעגעהן אַזאַ איינפאַכע נאַרישקייט צוליעב אַן אויסגעטראָכטענעם שוך; דאָס האָט זיך אַריינגעפּאַכט אין איהרע פאַנטאַזיעס, דאָס האָט זי זיך פאָרגענומען. אַזוי ווי איהר האָט עס ניט געטהאָן, האָט זי עס אַליין געטהאָן אין אייער נאָמען. אַזוי איז זי, אונפערנינפטיג און אויסגערעכענט אין איין און דערזעלבער צייט."

„וואָס זשע, וואָלט זי גאָר קיינער ניט געקענט געווינען?" האָב איך געפרעגט.

„מען וואָלט זי געמוזט האַלטען אין צוויק, איהר לערנען אַבי-סעל דרך ארץ," האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, אויסמיידענדיג מיין פראַגע. „איז גאָר פערקעהרט, זי האָט שוין צופיעל פרייהייט, זי קען טהאָן אַלץ וואָס זי וויל, און זיעגען אַזויפיעל וויפיעל איהר האַרץ געלוסט. מען איז שטענדיג ענטציקט פון איהר, מען ווייזט איהר ניט אַרויס קיין גלייכגילטיגקייט, ס'איז אימער דאָ ווער עס איז ביי דער האַנד, אויף ווענען זי קען אויסאיבען איהר ווירקונג. האָט איהר בעמערקט, ווי איך בעהאַנדעל זי? ווי אַ שול-קינד, ווי אַ קליין מיידעלע, איך לערן איהר, פערבעסער איהר שפּראַך, גיב אַכטונג אויף איהר און שפּאַר זי צו צו דער וואַנד. וואָס זשע, איהר מיינט, זי פערשטעהט דאָס ניט? אַך, זי איז שטאָלץ און איינגע'-עקשן'ט, זי פיהלט זיך כסדר בעליידיגט דערפון; אָבער זי איז אויך צו שטאָלץ אַרויסצואווייזען, אַז זי איז בעליידיגט. נאָר אַזוי מוז מען מיט איהר אָנגעהן. אַז איהר זייט געקומען, האָב איך זי שוין גע-האַט אַ יאָהר צייט אין מיינע הענד; ס'האָט אָנגעהויבען ווירקען, זי פלעגט וויינען פאַר שמערץ און פערדרוס, זי איז אַסך פערנינפ-טיגער געוואָרען. מיט אַמאָל זייט איהר געקומען און האָט צושטערט אַלצדינג. אַזוי געהט עס, דער לאָזט זי אָב, און דער אַנדערער נעהמט זי אויף; נאָך אייך וועט מן הסתם קומען אַ דריטער, ווער ווייס?"

אָהאָ, דער דאָקטאָר וויל זיך דאָ נוקם זיין, האָב איך ביי זיך געטראַכט; און איך האָב געזאָגט:

„זאָגט מיר. איך בעט אייך, דאָקטאָר, נאָך וואָס האָט איהר זיך געדאַרפֿט געבען אַזוי פֿיעל מיה, מיר דאָס אַלעס מיטצוטהיילען? זאָל איך אייך העלפֿען לערנען ערוואַרדאַ'ן דרך ארץ?"

„איבעריגענס איז זי וואַרם ווי א וואולקאַן," האָט ער ווייטער געזאָגט, ניט אומקוקענדיג זיך אויף מיין פֿראַגע. „איהר האָט געפֿרעגט, צי קיינער וואָלט זי גאָר ניט געקענט געווינען. אָה געוויס, פֿאַרוואָס ניט? זי וואַרט אויף איהר פרינץ, ער איז ניט געקומען; אַלע ווײלע האָט זי אַן אַנדער טעות, זי האָט אויך געמיינט, אַז איהר זייט דאָס דער פרינץ, בעזונדערס אַז זי האָט נאָך אויף אייך דערזעהן דעם בליק פֿון אַ חיה, האַ—האַ! הערט איהר, הערר לייטענאַנט, איהר האָט יעדענפֿאַלס געדאַרפֿט מיטברײנגען מיט זיך א״ער אוניפֿאָרם. זי וואָלט אַצונד געהאַט איהר בעדײטונג. פֿאַרוואָס זאָל מען זי ניט קענען געווינען? איך האָב אַליין געזעהן, ווי זי האָט געהויבען די הענד און געבעטען און געהאָפֿט אויף איינעם, וואָס זאָל קומען און זי נעהמען, זי אַוועקפֿיהרען מיט זיך, כדי צו הערשען איבער איהר קערפּער אין איהר זעעלע. יאָ. נאָר ער מוז קומען פֿון אויסלאַנד, ער מוז אין אַ שעהנעם טאָג זיך פּלוצלינג בעווייזען, אויסוואַקסען פֿון דער עלער-הויט. מיר דוכט, אַז הערר מאַק איז שוין ווידער אויף אַן עקספּעדיציע, ס'מוז עפּעס שטעקען הינטער דער דאָזיגער רייזע. איינמאָל איז שוין הערר מאַק געווען אויף דער רייזע, און ער איז צוריקגעקומען מיט אַ פֿרעמדען הערר."

„מיט אַ הערר איז ער צוריקגעקומען?"

„אַך, אָבער ער האָט ניט געטויגט," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט אַ שמערצליכען געלעכטער. „סאיז געווען אַ מאַן אין מיינע יאָהרען; ער האָט אויך געהונקען, פּונקט ווי איך. דאָס איז ניט געווען דער פּרינץ."

„און וואוהין איז ער אַוועקגעפֿאָהרען?" האָב איך געפֿרעגט און געקוקט דעם דאָקטאָר גלייך אין די אויגען אַריין.

„וואוהין ער איז אַוועקגעפֿאָהרען? פֿון דאַנען? דאָס ווייס איך ניט," האָט ער געענטפֿערט אַ צוטומולטער. „נאַ, מיר האָבען שוין צו לאַנג פֿערבראַכט דערמיט. אין אַ וואָך ארום וועט איהר ווידער קענען אָנהויבען געהן אויף אייער פֿוס. צום ווידערזעהן."

## XIX.

איך הער אַ פרויען־שטימע לעבען מיין שטיבעל, דאָס בלוט שיסט מיר אַרויף אין קאָפּ; ס'איז עדוואַרדאַ'ס שטימע.

„גלאַהן, גלאַהן איז קראַנק, הער איך?"

און מיין וואַש־פרוי ענטפערט ביי דער טהיר:

„ער איז שוין באַלד ווידער געזונד."

דאָס דאָזיגע „גלאַהן, גלאַהן" איז מיר דורך דורך מאַרך און ביין, זי האָט איבערגעזאָגט מיין נאָמען צוויי מאָל; דאָס האָט גע־ווירקט אויף מיר, איהר שטימע איז געווען קלאָהר און ציטערנדיג.

זי האָט געעפענט מיין טהיר אָהן צערעמאָניעס, ניט אָנקלאַ־פענדיג, איז אַריין שנעל און האָט מיך אָנגעקוקט. מיט איינמאָל האָב איך זיך געפיהלט עפּעס ווי אין די אַלטע טעג; זי האָט גע־טראָגען איהר אָבגעפאַרבט יאַקעל און דעם פאַרטוך האָט זי אַבי־סעל נידעריגער אַרונטערגעלאָזען איבער'ן בויך, כדי צו האָבען אַ לאַנגע טאַליע. דאָס אַלעס האָב איך גלייך אויף'ן שטעל דערזעהן, און איהר בליק, איהר ברוין געזיכט מיט די ברעמען הויך אויף'ן שטערן, דער מערקווירדיג צערטליכער אויסדרוק אין איהרע הענד, — אַלצדינג האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף מיר און מיך צוטו־מעלט. זי האָב איך דאָס געקושט, האָב איך געטראַכט ביי זיך. כ'בין אויפגעשטאַנען און געבליבען שטעהן.

„איהר שטעהט אויף, איהר בלייבט שטעהן," האָט זי זיך אָב־געריפען. „זעצט זיך צוריק אויף אייער אָרט, איהר האָט דאָך אַ שלעכטען פוס, איהר האָט זיך געשאָסען. גוטער גאָט, ווי איז דאָס פאָרט צוגעגאַנגען? איך האָב זיך ערשט איצט דערוואוסט וועגען דעם

איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט: וואו איז ערגעץ גלאַהן? ער קומט שוין גאָר ניט. איך האָב פון גאָרנישט געוואוסט. איהר האָט זיך געשאָסען, ס'איז שוין עטליכע וואָכען, ווי איך הער, און איך האָב קיין איין וואָרט ניט געוואוסט. ווי געהט עס איצט? איהר זייט זעהר בלייך געוואָרען, איך דערקען אייך שוין גאָר ניט. און דער פוס? בלייבט איהר הינקעדיג? דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איהר בלייבט ניט הינקעדיג. ווי עס פרעהט מיך פון גאַנצען האַרצען פאַר אייך, וואָס איהר וועט ניט הינקען, אַ דאַנק גאָט דערפאַר. איך האָף, איהר וועט מיר פערצייהען, וואָס איך בין אַזוי אָהן צערעמאָניעס געקומען צו אייך, כ'בין מעהר געלאָפען איידער געגאַנגען..."

זי האָט זיך אַריבערגעבויגען צו מיר, זי איז געשטאַנען נאָהענט לעבען מיר, כ'האָב געשפירט איהר אָטהעם אויף'ן געזיכט און איך האָב אויסגעשטרעקט די הענד צו איהר. דאָ האָט זי אָבגעטראָטען צוריק. איהרע אויגען זיינען נאָך געווען פייכט.

„דאָס איז צוגעגאַנגען אַזוי," האָב איך געשטאַמעלט. „כ'האָב געוואָלט אַוועקשטעלען דעם ביקס אין ווינקעל, כ'האָב איהם געהאַל-טען פערקעהרט, אַזוי, דאָס אויבערשטע נאָך אונטען; דאָ האָב איך פלוצלינג דערהערט אַ שאָס. ס'איז געווען אַן אונגליקליכער צופאַל."

„אַן אונגליקליכער צופאַל," האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון מיסטרויען און האָט דערביי צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפ. „לאָמיך אַקאָרשט זעהן, ס'איז דער לינקער פוס; אָבער פאַרוואָס עפּעס גראָד דער לינקער? יאָ, ס'איז געווען אַן אונגליקליכער צופאַל..."

„יאָ, אַן אונגליקליכער צופאַל," האָבע איך איהר איבערגעשלאָ-גען די רייד. „ווי קען איך וויסען, פאַרוואָס עס איז גראָד געווען דער לינקער פוס? איהר זעהט דאָך אַליין, אַזוי האָב איך געהאַלטען דעם ביקס, האָט דאָך דאָס ניט געקענט אַזוי לייכט טרעפען דעם רעכטען פוס. יאָ, ס'איז ניט געווען זעהר אַנגענעהם."

זי האָט מיך אָנגעקוקט פערטראַכטערהייט.

„נו, איהר ווערט אַלזאָ בעסער," האָט זי געזאָגט און האָט זיך אומגעקוקט אין שטיבעל. „פאַרוואָס האָט איהר ניט אַריבערגעשיקט די וואַש-פרוי נאָך עסען צו אונז? פון וואָס האָט איהר געלעבט?"

מיר האָבען גערעדט נאָך עטליכע מינוטען. איך האָב געפרעגט:

„בשעת איהר זייט אַריינגעקומען אַהער, איז אייער געזיכט געווען געריהרט, און די אויגען אייערע האָבען געלויכטען. איהר האָט מיר געגעבען די האַנד. איצט זיינען אייערע אויגען ווידער געוואָרען גלייכגילטיג. ניט ריכטיג?"

פויזע.

„מען קען דאָך ניט אימער זיין גלייך..."

„זאָגט מיר בלויז דאָס איינציגע מאָל," האָב איך זיך אָבגערופען, „וואָס האָב איך אין דעם פאַל געזאָגט אָדער געטהאָן,? וואָס האָט אַרויסגערופען אייער שלעכטע שטימונג? דאָס וואָלט דאָך געקענט זיין פאַר מיר אַן אָנדייטונג אויף ווייטער."

זי האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער, אַהין צום ווייטען האָריזאָנט; זי איז געשטאַנען און געקוקט פערטראַכטערהייט פאַר זיך און איך בין געזעסען הינטער איהר. זי האָט מיר געענטפערט:

„גאָרנישט, גלאַהן. מען קען דאָך ניט אַלע מאָל האָבען דיזעלבע געדאַנקען. זייט איהר אַצונד שלעכט אויפגעלייגט? פערגעסט ניט אָט וואָס: אַ טהייל גיבען ווייניג, און עס איז פאַר זיי אַסך, אַנדערע גיבען אַלעס, און עס קאָסט זיי גאָרנישט; ווער פון זיי גיט אָם מייסטען? איהר זייט אין פערלויף פון אייער קראַנקהייט געוואָרען מרה-שחורה'דיג. ווי זיינען מיר פאָרט געקומען דערצו, צו ריידען וועגען דעם?" און פלוצלינג קוקט זי מיך אָן, אַ פרייד גיסט זיך פונאַנדער איבער איהר געזיכט, זי זאָגט: „אָבער ווערט אַקאָרשט באַלד ווידער געזונד. מיר וועלען זיך נאָך זעהן."

דאָס זאָגענדיג האָט זי מיר דערלאַנגט די האַנד.

אַצונד איז מיר אַרויפגעקומען אויף'ן זינען, ניט אָנצונעהמען איהר האַנד. כ'האָב זיך אויפגעהויבען, פערלייגט די הענד אויף'ן רוקען און זיך טיעף פערנייגט; דערמיט האָב איך איהר געוואָלט אָבדאַנקען פאַר איהר פריינדליכען בעזוך.

„ענטשולדיגט, וואָס איך קען אייך ניט בעגלייטען אַביסעל ווייטער."

אַז זי איז אַוועק, האָב איך זיך צוריק אַוועקגעזעצט, כדי נאָך אַמאָל צו בעקלעהרען די גאַנצע געשיכטע. כ'האָב אָנגעשריבען אַ בריעף און פערלאַנגט מען זאָל מיר אַרויסשיקען מיין אוניפאָרם.

## XX.

ערשטער טאָג אין וואַלד.

איך בין געווען פֿרעהליך און מאַט, אַלע טהיערע זיינען צוגעקומען צו מיר און האָבען מיך בעקוקט; זשוקעס זיינען געזעסען אויף די בלעטער פֿון די בוימער און אַרומגעקראָכען אויף'ן ווענ' כ'גרים אייך! האָב איך געטראַכט ביי זיך. די שטימונג פֿון'ם וואַלד האָט דורכגענומען אַלע מיינע חושים; כ'האָב געוויינט פֿאַר ליעבע און פֿרייד, כ'בין איינפֿאַך צוגאַנגען אין דאַנק־זאָגונג. דו גוטער וואַלד, מיין היים, גאָט'ס פֿריעדען, זאָל איך דיר פֿון טיעפֿען האַרצען זאָגען... מיט אַמאָל בלייב איך שטעהן, קעהר זיך אום אין אַלע זייטען און וויינענדיג רוף איך אָן ביים נאָמען אַלערליי פֿייגעל, בוימער, שטיינער, גראָז און מוראַשקעס, כ'קוק זיך אום און רוף זיי אָן נאָך דער רייה, איינס נאָך דאָס אַנדערע. כ'גיב אַ קוק אַרויף צו די בערג און טראַכט: יאָ, איך קום שוין! גלייך איך וואָלט געענטפֿערט אויף אַ רוף. הויך דאָרט אויבען האָט דער קאַרליק־אָדלער אויסגעבריהט זיינע אָדלערלאַך, כ'האָב געוואוסט, וואו זיינע נעסטען געפֿינען זיך. נאָר דער געדאַנק מכח די קאַרליק־אָדלערס אויבען אויף די בערג האָט פֿערטראָגען מיין פֿאַנטאַזיע העט וויט אַוועק.

אַרום מיטאָג־צייט האָב איך אַרויסגערודערט אויף'ן ים, כ'האָב זיך אָבגעשטעלט אויף אַ קליין אינזעלע, דרויסען ביים האַפֿען. דאָרט זיינען געווען לילאַ־קוליערטע בלומען מיט לאַנגע שטיינגלאַך, וועלכע האָבען מיר געגרייכט ביז די קניע, כ'האָב זיך געבאָדען אין וואונדערליכע געוויקסען, אין קוסטאַרניקעס פֿון מאַלינעס, אין געדיכטען ראָז; קיין טהיערע זיינען דאָרט ניט געווען, און קיין מענשען אפשר

אויך ניט. דער ים האָט מילד געשוימט אַנטקעגען דעם אינזעלע און האָט מיך איינגעהילט אין אַ שלייער פון אַ שוואַכען געראויש; ווייט אויבען ביי די אייער־אינזעלאַך זיינען אַרומגעפלויגען אַלע פייגעל פון ברעג און האָבען אָנגעפילט די לופט מיט זייערע געשרייען. אָבער דער ים האָט מיך אַרומגענומען פון אַלע זייטען ווי אין אַן אומאַר־מונג. געבענשט זאָל זיין דאָס לעבען און די ערד און דער הימעל, געבענשט זאָלען זיין מיינע שונאים; אין אָט דער שטונדע פיהל איך, אַז איך וואָלט געקענט דעם ערגסטען פיינד מיינעם מוחל זיין און איהם אויפבינדען דעם בענדעל פון שוך...

אַ פרעהליכער געזאַנג קלינגט אַריבער צו מיר פון איינעם פון הערר מאַק'ס שפּאַציר־שיפלאַך, און מיין זעעלע ווערט פול מיט זו־נען־שיין ביי דעם בעקאַנטען קלאַנג. איך רודער צו צו דער לאַנ־דונגס־בריק, געה פערביי דעם פישער־שטיבעל און גלייך אַהיים. דער טאָג איז אַריבער, איך פראַווע מיין מאָהלצייט, צוטהייל מיין עסען צווישען מיר און עזאָפּ'ן און געה ווידער אַוועק אין וואַלד. מילדע לופטען בלאָזען שטיל אַנטקעגען מיין געזיכט. געבענשט זאָלט איהר זיין, זאָג איך צו די לופטען, ווייל זיי בלאָזען אַנטקעגען מיין געזיכט, געבענשט זאָלט איהר זיין, מיין בלוט בויגט זיך אין מיינע אָדערן פאַר דאַנקבאַרקייט צו אייך! עזאָפּ לייגט אַרויף איינעם פון זיינע פאָדערשטע פיס אויף מיין קניע.

אַ מיעדקייט פאַלט אויף מיר אָן, און איך ווער אַנשלאָפען.

לול! לול! וואָס זשע, גלאָקען קלינגען? עטליכע מייל וויי־טער אין ים אַריין שטעהט אַ באַרג. איך זאָג צוויי געבעטען, איינס פאַר מיין הונד און איינס פאַר זיך אַליין, און מיר קומען אַריין גלייך אין באַרג. די טהיר האַקט זיך צו הינטער אונז, כ'פיהל ווי אַ טריי־סעל איבער'ן גאַנצען לייב, און איך כאַפּ זיך אויף.

אַ פלאַמענד רויטער הימעל, די זונן שטעהט און שרפה'ט מיר אין די אויגען, די נאַכט, דער האָריזאָנט זיינען דורכדרינגען מיט ליכט. עזאָפּ און איך געהען אַריבער אין שאָטען. ס'איז שטיל אַרים אונז. ניין, מיר וועלען מעהר ניט שלאָפען, רוף איך זיך אָב צו עזאָפּ'ן, מיר וועלען מאָרגען געהן אויף דער יאַגד, די רויטע זונן

שיינט אויף אונז, מיר זיינען ניט געווען דאָרט אויף'ן באַרג... או
וואונדערליכע שטימונגען לעבען אויף אין מיר, און דאָס בלוט שטייגט
מיר אַרויף אין קאָפּ. דערהיצט און נאָך שוואַך פיהל איך, ווי אימי-
צער גיט מיר אַ קוש, און דער קוש בלייבט ליגען אויף מיינע ליי-
פּען. כ'קוק זיך אום, קיינער איז ניט צו זעהן. איזעלין! רוף איך
זיך אָב. עס הערט זיך אַ שטילער גערויש אין גראָז, ס'קען זיין, דאָס
זיינען בלעטער, וואָס זיינען אַראָבגעפאַלען אויף דער ערד, נאָר עס
קענען דאָך אויך זיין טריט. אַ שווידער געהט אַריבער איבער'ן וואַלד;
דאָס קען דאָך זיין איזעלין'ס אָטהעם-צוג. טראַכט איך ביי זיך. אין
אָט די וועלדער איז איזעלין אַרומגעגאַנגען, דאָ האָט זי געהערט דאָס
געבעט פון די יעגער אין געלע שטיוועל און גרינע מאַנטלען. דאָרט
אין איהר פּאַלאַץ האָט זי געוואוינט, צוויי פערטעל מייל ווייט פון
דאַנען; זי פּלעגט זיצען ביי זיך אין פענסטער, שוין פיער דורות
זינט דאַן, און הערען דעם קלאַנג פון'ם יאַגד-האָרן אַרום און אַרום
אין די וועלדער. רענטהיערען און וועלף און בערען זיינען דאָ געווען,
און יעגער אַסך, און אַלע האָבען זיי געזעהן, ווי זי איז אויפגעוואַק-
סען, און אַיעדער פון זיי האָט אויף איהר געוואַרט. איינער האָט גע-
זעהן איהרע אויגען, אַן אַנדערער האָט געהערט איהר שטימע; נאָר
איינמאָל איז אַ שלאָפלאָזער בחור אויפגעשטאַנען אין מיטען נאַכט
און האָט אויסגעבויערט אַ לאָך אין איזעלין'ס קאַמער-טהיר, ער האָט
געזעהן איהר ווייכען סאַמעטענעם לייב. אַז זי איז אַלט געווען צוועלף
יאָהר, איז געקומען דונדאַס. ער איז געווען אַ שאָטלענדער, ער האָט
געהאַנדעלט מיט פיש און געהאַט אַסך שיפען. ער האָט געהאַט אַ
זוהן. אַז איזעלין איז אַלט געווען זעכצעהן יאָהר, האָט זי צום ערש-
טען מאָל דערזעהן דעם יונגען דונדאַס. ער איז געווען איהר ערשטע
ליעבע...

און אַזעלכע וואונדערליכע שטימונגען נעהמען מיך דורך און
דורך, און אַזוי שווער ווערט מיר דער קאָפּ, בעת איך זיץ דאָרט;
כ'פערמאַך די אויגען און פיהל ווידער אַמאָל איזעלין'ס קוש. איזעלין,
דאָס ביסט דו דאָס דאָ, דו, דעם לעבען'ס געליעבטע? רוף איך
זיך אָב, און האָסט דו אַוועקגעשטעלט דידעריק'ן דאָרט הינ-
טער אַ בוים?... אָבער אַלץ שווערער און שווערער ווערט מ ר

דער קאָפּ און איך לאָז זיך ווידער אַוועק אויף די כוואַליעס פון׳ם שלאָף.

לול! לול! אַ שטימע רעדט, איך פיהל עפּעס אַזוי ווי די זיבען מזלות וואָלטען אין מיין בלוט געזונגען, דאָס איז איזעלין׳ס שטימע.

שלאָף, שלאָף! איך וויל דיר דערצעהלען פון מיין ליעבע, בעת דו שלאָפסט, און איך וויל דיר דערצעהלען מכח מיין ערשטער נאַכט. איך געדיינק עס נאָך גאַנץ גוט, כ׳האָב פערגעסען צושליסען מיין טהיר; איך בין אַלט געווען זעכצעהן יאָהר, ס׳איז געווען פריהלינג־צייט, און לעבליכע ווינטען האָבען געבלאָזען; דונדאָס איז געקומען. ער איז געווען ווי אַן אָדלער, וועלכער קומט מיט שטורם. כ׳האָב איהם געטראָפען איין פריה־מאָרגען פאַר דער יאַגד, ער איז אַלט געווען פינף און צוואַנציג יאָהר און איז געקומען פון ווייטע רייזען; ער האָט אַרומגעשפּאַצירט לעבען מיר אין גאָרטען, און אַז ער האָט מיך אָנגעריהרט מיט זיין אָרם, האָב איך איהם אָנגעהויבען ליעבען. ער האָט געקראָגען צוויי שאַרלאַך־רויטע פלעקען אויף׳ן שטערן, און איך האָב געפיהלט, אַז איך וואָלט זיי געקענט קושען, דיביידע פלעקען.

אָבענד־צייט נאָך דער יאַגד בין איך אַרוים אין גאָרטען זיך אומקוקען נאָך איהם, און איך האָב שטאַרק מורא געהאַט, טאָמער געפין איך איהם. שטילערהייט פאַר זיך האָב איך אַרויסגערעדט זיין נאָמען און איך האָב שטאַרק מורא געהאַט, אַז ער קען איהם נאָך דערהערען. מיט אַמאָל קומט ער אַרויס פון צווישען די בוימלאַך און זאָגט גאַנץ שטיל, קוים וואָס מען הערט איהם: היינט ביינאַכט, ווען ס׳וועט שלאָגען איינס! און דערביי ווערט ער פערשוואונדען.

היינט ביינאַכט, ווען ס׳וועט שלאָגען איינס, זאָג איך צו מיר אַליין, וואָס האָט ער געמיינט דערמיט? איך פערשטעהע גאָרנישט. ער האָט דאָך אַודאי געמיינט, אַז ער וועט היינט ביינאַכט, ווען עס וועט שלאָגען איינס, אָבפאָהרען פון דאַנען; אָבער וואָס גערט עס מיך אָן, צי ער פאָהרט צי ניט?

דאָ האָט זיך געמאַכט, אַז איך האָב פערגעסען צו פערריגלען מיין טהיר...

אַז עס האָט געשלאָגען איינס, קומט ער אַריין.

איז מיין טהיר ניט געווען פֿערריגעלט? פֿרעג איך.

איך וועל זי פֿערריגלען, ענטפֿערט ער.

און ער מאַכט צו די טהיר און ריגעלט אונז איין.

כ'האָב מורא געהאַט פֿאַר'ן ליאַרם פֿון זיינע גרויסע שטיוועל. וועק ניט אויף מיין דיענסט-מיידעל! האָב איך זיך אָבגערופֿען. כ'האָב אויך מורא געהאַט פֿאַר דעם קראַבענדען שטוהל און איך האָב געזאָגט: ניין, ניין, זעץ זיך ניט אויף יענעם שטוהל, ער קראַבט!

מעג איך זיך זעצען ביי דיר אויף דער זאָפֿאַ? האָט ער געפֿרעגט.

יאָ, האָב איך געזאָגט.

אָבער דאָס האָב איך געזאָגט בלויז דערפֿאַר, ווייל דער שטוהל האָט געקראַבט.

מיר זיינען געזעסען ביי מיר אויף דער זאָפֿאַ. איך האָב זיך אָבגערוקט פֿון איהם, ער רוקט זיך אַלץ נעהענטער צו מיר. האָב איך אַרונטערגעלאָזט די אויגען צו דער ערד.

ס'איז דיר קאַלט, האָט ער געזאָגט און האָט אָנגענומען מיין האַנד. גלייך נאָכדעם רופֿט ער זיך אָב: ווי קאַלט דיר איז! און ער לייגט אַרום דעם אָרם אַרום מיר.

מיר איז וואַרם געוואָרען אין זיין אָרם. מיר זיצען אַזוי אַ ווײַלע. אַ האָהן קרעהט.

האָסט געהערט? רופֿט ער זיך אָב, אַ האָהן האָט געקרעהט, ס'הויבט באַלד אָן טאָגען.

און ער האָט מיך אָנגעריהרט און האָט מיר דערמיט געמאַכט פֿערצאָגט.

וואָס זשע, ביסט דאָס אַזוי זיכער, אַז דער האָהן האָט געקרעהט? האָב איך אַרויסגעשטאַמעלט.

כ'האָב ווידער אַמאָל דערזעהן די צוויי שאַרלאַך-רויטע פֿלעקען אויף זיין שטערן, און איך האָב זיך געוואָלט אויפֿהויבען. האָט ער מיך צוריקגעהאַלטען; כ'האָב אַ קוש געטהאָן די צוויי ליעב-רייצענדע פֿלעקען און צוגעמאַכט די אויגען פֿאַר איהם...

דאַן איז טאָג געוואָרען, דער פֿריה-מאָרגען איז געקומען. כ'האָב זיך אויפֿגעכאַפּט און האָב ניט דערקענט די ווענד אין מיין קאַמער;

כ׳בין אויפגעשטאַנען און האָב מיינע אייגענע קליינע שיך ניט דער־קענט; עפּעס איז אין מיר דורך און דורכגעלאָפען. וואָס קען עס פאָרט זיין, וואָס שטראָמט מיר דורך און דורך? האָב איך שמייכ־לענדיג געטראַכט. און וויפיעל האָט געשלאָגען דער זייגער אַצונד? קיין זאַך האָב איך ניט געוואוסט, נאָר איך האָב זיך בלויז דער־מאָנט, אַז איך האָב פערגעסען צושליסען די טהיר.

מיין דיענסט־מיידעל קומט אַריין.

דיינע בלומען זיינען ניט בעגאָסען געוואָרען, האָט זי געזאָגט.

איך האָב זיך גאָר פערגעסען אָן מיינע בלומען.

דו האָסט צוקנייטשט דיין קלייד, זאָגט זי ווייטער.

וואו האָב איך דאָס געקענט צוקנייטשען מיין קלייד? טראַכט איך מיט אַ לאַכענדיגען האַרצען; אָבער דאָס האָב איך דאָך געמוזט טהאָן די נאַכט? אַ וואָגען פאָהרט דורך דעם טויער פון גאָרטען.

און דיין קאַץ האָט גאָרנישט געקראָגען צו עסען, זאָגט מיין דיענסט.

אָבער איך פערגעס זיך אָן מיינע בלומען, אָן מיין קלייד און מיין קאַץ און פרעג:

ס׳איז דונדאָס, דער, וואָס האָט זיך אָבגעשטעלט אין גאָרטען? זאָג איהם, ער זאָל גלייך אַריינקומען צו מיר, איך וואַרט אויף איהם, ס׳איז געווען עפּעס... עפּעס... און איך קלעהר ביי זיך: צי וועט ער ווידער פערריגלען די טהיר, ווען ער וועט אַריינקומען?

ער קלאַפּט. כ׳לאָז איהם אַריין און פעררוק אַליין דעם ריגעל, בדי איהם צו פערשפּאָרען אָן אַרבייט.

איזעלין! גיט ער אַ געשריי און קושט מיין מויל אַ גאַנצע מינוט נאָכאַנאַנד.

כ׳האָב קיינעם ניט געשיקט נאָך דיר, האָב איך געשעפּטשעט.

האָסט קיינעם ניט געשיקט? פרעגט ער.

כ׳ווער ווידער גאַנץ דערשלאָגען, און איך ענטפער:

יאָ, יאָ, כ׳האָב געשיקט נאָך דיר, כ׳האָב אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך דיר. בלייב נאָך אַ ווײלע.

און איך האָב זיך צוגעהאַלטען די אויגען פאַר ליעבע. ער האָט

מיך ניט געלאָזען, כ'בין אומגעפאַלען און איך האָב זיך צוגעטוליעט צו זיין ברוסט.

מיר דוכט, דער האָהן האָט שוין ווידער געקרעהט, האָט ער געזאָגט און זיך צוגעהערט.

אָבער ווי איך האָב דערהערט, וואָס ער האָט געזאָגט. האָב איך איהם איבערגעשלאָגען די רייד אַזוי שנעל, ווי איך האָב נור געקענט און געענטפערט:

ניין, ווי פאַלט דיר איין, אַז דער האָהן קרעהט שוין ווידער! ס'האָט דאָך גאָרנישט געקרעהט.

ער האָט מיר אַ קוש געטהאָן אויף דער ברוסט.

אַ הוהן האָט דאָס געקרעהט, האָב איך זיך אָבגערופען.

וואַרט אַ ווייל'ע, כ'וועל פערריגלען די טהיר, האָט ער געזאָגט און האָט זיך געוואָלט אויפהויבען.

כ'האָב איהם פערהאַלטען און געשעפטשעט:

זי איז פערריגעלט......

אַזוי איז ווידער געוואָרען נאַכט, און דונדאָס איז אַוועק. עפּעס גאָלדענעס איז אין מיר דורך און דורכגעלאָפען. כ'האָב זיך אַוועק־געשטעלט ביים שפּיגעל, און צוויי פערליעבטע אויגען האָבען מיר פון דאָרט אַנטקעגען געקוקט; עפּעס האָט זיך געריהרט אין מיר ביי מיין בליק, און ס'איז אַרומגעלאָפען און אַרומגעלאָפען אַרום מיין האַרץ. מיין גאָט, כ'האָב זיך קיינמאָל פריהער ניט אָנגעקוקט מיט אַ זעלכע אויגען, און פאַר ליעבע האָב איך אַ קוש געטהאָן מיין אייגען מויל אין שפּיגעל...

אָבער אַצונד האָב איך דיר דערצעהלט וועגען מיין ערשטער נאַכט און מכח דעם פריה־מאָרגען און דעם אָבענד נאָכדעם. שפּע־טער אַמאָל וועל איך דיר דערצעהלען וועגען סוועגד הערלופסען. איהם האָב איך אויך געליעבט, ער האָט געוואוינט אַ מייל פון דאָ־נען אויף דער אינזעל, וואָס דו זעהסט דאָרט. און איך פלעג אַליין אַרויספאָהרען צו איהם אין שטילע זומער־נעכט, וויל איך האָב איהם ליעב געהאַט. איך וועל דיר אויך דערצעהלען וועגען סטאַמער. ער איז געווען אַ פריסטער, כ'האָב איהם ליעב געהאַט. כ'ליעב אַלעמען... ... ...

אין מיטען שלאָף הער איך דעם קול פֿון אַ האָהן, וואָס קרעהט אונטען ביי סירילונד.

האָסט געהערט, איזעלין, אויך פֿאַר אונז האָט אַ האָהן גע־קרעהט! שריי איך אויס מיט פֿרייד און שטרעק אויס די אָרעמס. איך כאַפּ זיך אויף פֿון שלאָף. עזאָפּ שטעהט שוין אויף די פֿיס! שוין אַוועק! זאָג איך מיט פֿערצווייפֿלונג און קוק זיך אום; ניטאָ קיינער דאָ, קיינער איז דאָ ניטאָ! פֿול מיט היץ און אויפֿרעגונג געה איך אַהיים. ס'איז טאָג, דער האָהן דאָרט אין סירילונד קרעהט נאָך אַלץ.

ביים שטיבעל שטעהט אַ פֿרוי, שטעהט עווא. זי האַלט אַ גראָ־בען שטריק אין האַנד און לאָזט זיך געהן אין האָלץ־וואַלד. אַ לע־בענס־מאָרגען איז געלעגען איבער דעם יונגגען מיידעל, איהר בוזים האָט זיך געהויבען אַרויף און אַראָב, די זונן האָט זי בעגילדעט.

„איהר דאַרפֿט ניט גלויבען..." האָט זי געשטאַמעלט.

„וואָס דאַרף איך ניט גלויבען, עווא?"

„איך בין ניט געקומען אַהער, כדי זיך מיט אייך צו טרעפֿען, כ'בין בלויז פֿערבייגעגאַנגען..."

און אַ דונקעלע רויטקייט ציהט זיך אַריבער איבער איהר געזיכט.

---

## XXI.

מיין פוס האָט מיר פערשאַפט אַביסעל אונבעקוועמליכקייט און פּלאָג; ביינאַכט פלעגט ער מיר אָפט בייסען און ניט לאָזען שלאָפען, און אַז דער וועטער האָט זיך געענדערט, האָט ער מיר וועה געטהאָן פון אויבען ביז אַראָב. דאָס פלעגט דויערן היבשע עטליכע טעג. נאָר איך האָב ניט געהונקען.

די טעג זיינען אַריבער.

הערר מאַק איז צוריקגעקומען; און איך האָב גלייך געקראָגען צו וויסען, אַז ער איז דאָ. ער האָט ביי מיר אָבגענומען דאָס שיפעל׳ ער האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ פערלעגענהייט, די יאַגד־צייט איז נאָך ניט געהאַט געקומען, און איך האָב גאָרנישט געקענט שיסען. אָבער פאַרוואָס האָט ער סתם אַזוי אָהן טענות צוגענומען ביי מיר דאָס שיפעל? צוויי פון הערר מאַק׳ס מענשען האָבען אין דער פריה אַרויסגערודערט מיט אַ פרעמדען מאַן אויף׳ן ים.

כ׳האָב בעגעגענט דעם דאָקטאָר.

„מען האָט מיר צוגענומען מיין שיפעל,״ האָב איך זיך אָבגערופען.

„אַ פרעמדער איז אָנגעקומען אַהער,״ האָט ער געזאָגט. „מען מוז איהם יעדען טאָג אַרויספיהרען אויף׳ן ים און אָבענד־צייט איהם צוריק אַריינברייגגען. ער אונטערזוכט דעם גרונד פון ים.״

דער פרעמדער איז געווען אַ פינלענדער; הערר מאַק האָט זיך צופעליג געטראָפען מיט איהם אויף׳ן שיף; ער איז געקומען מיט אַ זאַמלונג פון מושעלס און קליינע ים־חיה׳לאַך פון שפיצבערגען; מען האָט איהם גערופען באַראָן. ער האָט געקראָגען אַ גרויסען

זאַל און נאָך אַ צימער ביי הערר מאַק אין הויז. ס'האָט זיך שטאַרק געקאָכט מיט איהם.

ס'האָט מיר געפעהלט פלייש, און איך וואָלט דאָך געקענט היינט אָבענד ביי עדוואַרדאַ'ן עפעס עסען, האָב איך זיך געטראַכט. און איך שפּאַציר אַרונטער נאָך סירילונד. איך בעמערק גלייך אויף'ן שטעל, אַז עדוואַרדאַ טראָגט אַ ניי קלייד, זי קוקט אויס עפעס אַזוי חי אויסגעוואַקסען, איהר קלייד איז זעהר לאַנג.

„ענטשולדיגט, וואָס איך בלייב זיצען," האָט זי זיך אָבגערופען קורץ און שאַרף און האָט מיר דערלאַנגט די האַנד.

„יאָ, ליידער, מיין טאַטער איז ניט מיט אַלעמען," האָט הערר מאַק געזאָגט. „אַ פערקיהלונג, זי איז ניט געווען פאָרזיכטיג.... איהר קומט אַודאי פערלאַנגען אַן ערקלעהרונג וועגען אייער שיפעל? איך בין געצוואונגען אייך צו באַרגען אַן אַנדערס, אַ לאָטקע; זי איז ניט ניי, נאָר ווען איהר זאָלט נור פלייסיג אויסשעפען..... נו יאָ, מיר האָבען אַ מאַן פון וויסענשאַפט ביי אונז אין הויז, און איהר פערשטעהט דאָך, אַז אַזאַ מאַן...... ער האָט ווייניג צייט, ער אַרבייט דעם גאַנצען טאָג און קומט אָבענד־צייט אַהיים. געהט אַקאָרשט ניט אַוועק, איידער ער קומט, דאַן וועט איהר איהם זעהן, ס'וועט זיין אינטערעסאַנט פאַר אייך צו מאַכען זיין בעקאַנטשאַפט. דאָ איז זיין קאַרט, קרוין, באַראָן, אַ ליעבליכער מאַן. כ'האָב זיך גאַנץ צו־פעליג געטראָפען מיט איהם."

אַהאַ! האָב איך זיך געטראַכט, מען פערבעט דיך ניט אויף נאַכט־מאָהל. גאָט צו דאַנקען, איך בין דאָך בלויז געקומען אַהער אויף בעזוך, כ'קען געהן צוריק אַהיים, כ'האָב נאָך אַביסעל פיש ביי מיר אין שטיבעל. נאַ, ס'וועט זיך יאַקאָש מאַכען וואָס צו עסען. באַסטאַ.

דער באַראָן איז געקומען. אַ נידעריגער מאַן אַן ערך פערציג יאָהר אַלט, אַ לאַנג, שמאָל געזיכט מיט אַרויסגעשטאַרטשעטע באַ־קען־ביינער און מיט אַ שיטערער, שוואַרצער באָרד. זיין בליק איז געווען שטעכענדיג און דורכבויערענדיג, נאָר ער האָט געטראָגען זעהר שאַרפע ברילען. אויך אויף די קנעפ פון זיין העמד האָט ער געהאַט זיין פינף־שפּיציגע קרוין, אַזוי ווי אויף זיין קאַרט. ער איז געווען אַביסעל איינגעהויקערט, און זיינע מאָגערע הענד האָבען

געהאַט בלויע אָדערן ; נאָר די נעגעל זיינען געווען אַזוי ווי פֿון געלען מעטאַל.

„ס'פֿרעהט מיך זעהר, הערר לייטענאַנט. איז דער הערר לייטענאַנט שוין לאַנג דאָ ?"

„עטליכע מאָנאַטען."

אַן אַנגענעהמער מאַן, הערר מאַק ! האָט איהם געבעטען צו דערצעהלען וועגען זיינע מושעלס און זיינע ים־חיות, און ער האָט עס מיט פֿערגניגען געטהאָן, האָט אונז ערקלעהרט די פֿערשיעדענע סאָרטען ערד אויף די „קוה־אינזעלאַך", איז אַריין אין זאַאַל און האָט אונז אַרויסגעבראַכט אַ פּראָבע פֿון דעם, וואָס ער האָט געכאַפּט אין דעם ווייסען ים. ער האָט כסדר געהאַלטען אין איין אויפֿהויבען דעם רעכטען צייג־פֿינגער און אַרומגערוקט די דיקע גאָלדענע ברילען אויף דער נאָז אַהין און אַהער. הערר מאַק איז געווען שטאַרק פֿעראינטערעסירט דערמיט, אַ שטונדע איז פֿערביי.

דער באַראָן האָט גערעדט וועגען מיין אונגליק, וועגען מיין אונגליקליכען שאָס. צי איך בין שוין ווידער געזונד ? ווירקליך ? ס'טהוט איהם שטאַרק הנאה.

ווער האָט דאָס איהם דערצעהלט פֿון מיין אונגליקליכען צופֿאַל ? האָב איך געקלעהרט ביי זיך. כ'האָב געפֿרעגט :

„פֿון וועמען האָט דער הערר באַראָן געהערט וועגען מיין אונגליקליכען צופֿאַל ?"

„פֿון... יאָ, ווער איז דאָס געווען ? פֿריילין מאַק, מיין איך. ניט ריכטיג, פֿריילין מאַק ?"

עדוואַרדאַ איז געוואָרען רויט ווי פֿייער.

איך בין געקומען אַהער אַזוי דערשלאָגען ; עטליכע טעג צייט בין איך געווען שטאַרק פֿערצווייפֿעלט, אַ פֿינסטערע מרה־שחורה האָט מיך געמאַכט מיט דער ערד צוגלייך ; אָבער ביי די לעצטע ווערטער פֿון'ם פֿרעמדען האָט מיך גלייך דורכגענומען אַ געפֿיהל פֿון פֿרייד. כ'האָב קיין קוק ניט געטהאָן אויף עדוואַרדאַ'ן, נאָר איך האָב געטראַכט ביי זיך : אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט גערעדט פֿון מיר, וואָס דו האָכט מיין נאָמען איבער דיינע ליפּען געבראַכט, כאָטש ער איז פֿאַר דיר אויף אייביג אָהן אַ שום בעדייטונג. גוטע נאַכט.

איך האָב זיך אָבגעזעגענט. עדוואַרדאַ איז אויך איצט געבליבען זיצען. פון יוצא וועגען האָט זי זיך פערענטפערט, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען. מיט גלייכגילטיגקייט האָט זי מיר דערלאַנגט די האַנד.

און הערר מאַק איז געשטאַנען שטאַרק פערטיעפט אין אַ געשפרעך מיט דעם באַראָן. ער האָט גערעדט פון זיין זיידען, קאָנזול מאַק:

„כ'ווייס ניט, צי איך האָב עס שוין דערצעהלט דעם הערר באַראָן, אַז אָט די שפּילקע האָט קאַרל יאָהאַן מיט זיינע אייגענע הענד צוגעשפּילעט מיין זיידען אויף דער ברוסט.״

איך בין שוין געווען אויף די הויז־טרעפ, קיינער האָט מיך ניט אַרויסבעגלייט. פערבייגעהענדיג האָב איך געוואָרפען אַ בליק אויף די פענסטער פון זאַאַל; דאָרט איז געשטאַנען עדוואַרדאַ, הויך אויפגעשטעלט, זי האָט געהאַלטען מיטביידע הענד די פאָרהאַנגען אָן אַ זייט און האָט אַרויסגעקוקט. איך האָב ניט געגריסט, כ'האָב זיך פערגעסען אָן אַלצדינג; אַ שטראָם פון צוטומעלטקייט האָט מיך געפאַקט און מיך שנעל אַוועקגעטראָגען פון דאָרט.

שטעה, וואַרט אַ רגע! האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין, בשעת איך בין צוגעקומען צום וואַלד. ביי גאָט אין הימעל, ס'מוז נעהמען אַ סוף דערצו! ס'איז מיר פּלוצלינג געוואָרען הייס פאַר צאָרן; און איך האָב געסאָפּעט שווער. אַך, איך האָב שוין, הייסט עס, גאָר קיין פונק פון עהרע ניט אין דער ברוסט; אַז אַסך, האָב איך גענאָסען עדוואַרדאַ'ס ליעבע אַ וואָך צייט, איצט איז דאָס שוין לאַנג אַריבער, און איך בין ווי אַ פערלאָרענער און ווייס ניט וואָס צו טהאָן. פון איצט אָן זאָל מיין האַרץ איהר צורופען: שטויב, לופט, ערד אויף מיין וועג, ביי גאָט אין הימעל.....

איך בין אַריין צו מיר אין שטיבעל, האָב אויפגעזוכט מיין פיש און געפּראַוועט אַ מאָהלצייט.

דאָ געהסט דו אַלזאָ אַרום און פערגליהסט דיין לעבען אויף אַ קליין שול־מיידעל, און דיינע נעכט זיינען פול מיט וויסטע פינסטערע חלומות. און אַ שווערער, דריקענדער ווינד נעהמט אַרום דיין קאָפּ, אַ פערשימעלטער, יאָהר־אַלטער ווינד. אין דער צייט, וואָס דער הימעל ציטערט אויף אין דער וואונדערליכסטער בלויקייט און די בערג רופען, קום, עזאָפּ, היידאַ!

# XXII.

אַ וואָך איז אַריבער. כ'האָב אָבגעדונגען דאָס שיפֿעל פֿון'ם שמיעד און געכאַפּט פֿיש פֿאַר מיינע מאָהלצייטען. עדוואַרדאַ און דער פֿרעמדער באַראָן זיינען אימער געווען צוזאַמען אָבענד־צייט, ווען ער פֿלעגט קומען אַהיים פֿון ים; כ'האָב זיי איינמאָל געזעהן ביי דער מיהל. איין אָבענד זיינען זיי ביידע פֿערבייגעגאַנגען פֿערביי מיין שטיבעל, כ'בין אַוועק פֿון פֿענסטער און האָב שטילערהייט פֿערשלאָסען מיין טהיר, אויף יעדען פֿאַל. ס'האָט לחלוטין ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף מיר, ווען איך פֿלעג זיי זעהן צוזאַמען; כ'האָב געצויגען מיט די אַקסלען. אַן אַנדער אָבענד האָב איך זיי אָנגעטראָפֿען אויף'ן וועג, און מיר האָבען זיך בעגריסט איינע די אַנדערע; כ'האָב געוואַרט, דער באַראָן זאָל אַפֿריהער מיך בעגריסען און דערנאָך האָב איך בלויז מיט אַ פּאָר פֿינגער אָנגעריהרט מיין מיץ. איך בין זיך רוהיג פֿערבייגעגאַנגען און האָב זיי אָנגעקוקט גלייכגילטיג.

ווידער אַמאָל איז פֿערלאָפֿען אַ טאָג.

וויפֿיעל לאַנגע טעג זיינען איצט ניט פֿערלאָפֿען? אַ שווערער, דריקענדער אומעט האָט מיך בעהערשט, מיין האַרץ האָט אומזיסט, אָהן אַ שום צוועק זיך געגריבעלט איבער יעדער זאַך; אפילו דער פֿריינדליכער, גראָער שטיין לעבען מיין שטיבעל איז אויך געשטאַנען ווי אַן אויסדרוק פֿון יסורים און פֿערצווייפֿלונג, בעת איך פֿלעג איהם פֿערבייגעהן. ס'האָט אויסגעזעהן ווי פֿאַר אַ רעגען, די וואַרעמקייט איז ממש געשטאַנען פֿאַר מיר און געקייכט, וואוהין איך האָב זיך נור געקעהרט און געווענדט; מיין פּוס האָט מיר גענומען ציהען און

וועה טהאָן; אין דערפֿריה האָב איך געזעהן, ווי איינס פֿון הערר מאַק׳ס פֿערד האָט זיך אַ ריס געטהאָן פֿון דישעל; דאָס אַלעס האָט געהאַט אַ בעדייטונג פֿאַר מיר. אַם בעסטען וועט זיין, זיך פֿערזאָרגען אויף שפּעטער און אָנגרייטען שפּייז, כל זמן דאָס גוטע וועטער האַלט אָן.

כ׳האָב אָנגעבונדען עזאָפּ׳ן, גענומען מיינע פֿיש־געציינ און מיין ביקס און בין אַרונטער צו דער לאַנדונגס־בריק. דאָס האַרץ איז מיר געוועזן שטאַרק פֿערקלעמט.

„ווען קומט דאָס פּאָסט־שיף?" האָב איך אַ פֿרעג געטהאָן ביי אַ פֿישער.

„דאָס פּאָסט־שיף? עס קומט אין דריי וואָכען אַרום," האָט ער געענטפֿערט.

„איך ערוואַרט מיין אוניפֿאָרם," האָב איך געזאָגט.

גלייך נאָכדעם האָב איך אָנגעטראָפֿען איינעם פֿון הערר מאַק׳ס קאָמיס. כ׳האָב גענומען זיין האַנד און געזאָגט:

„זאָגט מיר, איך בעט אייך, איהר שפּיעלט שוין גאָר מעהר ניט קיין וויהסט אין סירילונד?"

„אָה, געווים שפּיעלען מיר, אָפֿט," ענטפֿערט ער.

פּויזע.

„שוין אַ שטיקעל צייט, אַז איך האָב ניט געקענט קומען דערצו," האָב איך געזאָגט.

כ׳האָב אַרויסגערודערט צו מיין פֿיש־וואַסער. די לופֿט איז געוואָרען דריקענד, די פֿליגען האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין אונגעהייערע מחנות, און איך האָב געמוזט די גאַנצע צייט רויכערן, כדי זיי ווי עס איז צו האַלטען ווייט פֿון מיר. כ׳האָב געאַרבייט מיט אַ דאָפּעלטען האַטשיק און געכאַפּט אַ היבש ביסעל פֿיש. צוריק־צו־וועגס אַהיים האָב איך געשאָסען צוויי פֿייגעל.

אַז איך בין צוריקגעקומען צו דער לאַנדונגס־בריק, איז דער שמיעד געשטאַנען דאָרטען. ער איז געוועזן ביי דער אַרבייט. מיט אַמאָל קומט מיר אַרויף אַ געדאַנק, איך גיב איהם אַ פֿרעג:

„איהר געהט אפשר אַהיים? וועלען מיר געהן צוזאַמען."

„ניין," ענטפֿערט ער, „הער מאַק האָט מיר געגעבען אַרבייט ביז האַלבע נאַכט."

כ׳האָב צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געקלעהרט ביי זיך, דאָס איז גוט.

כ׳האָב גענומען מיין פאַנג און זיך געלאָזט געהן מיט׳ן וועג, וואָס האָט געפיהרט פערביי דער שמיעדעריי. עווא איז געווען אַליין אין דערהיים.

„כ׳האָב אַזוי האַרציג געביינקט נאָך דיר," האָב איך צו איהר געזאָגט. און ביי איהר אָנבליק בין איך געוואָרען שטאַרק גערירהרט, און זי האָט מיך קוים געקענט אָנקוקען פאַר פערוואונדערונג. „כ׳האָב ליעב דיין יונגקייט און דיינע גוטע אויגען," האָב איך געזאָגט. „שטראָף מיך אַקאָרשט גוט אויס היינט, ווייל איך האָב מעהר גע־טראַכט פון אַן אַנדערער, איידער פון דיר. הער אויס, איך קום צו דיר, בלויז כדי דיך אָנצוקוקען, דו ביסט מיך איינפאַך מחיה, איך בין פערליעבט אין דיר. דו האָסט געהערט, ווי איך האָב דיך היינט ביי־נאַכט גערופען?"

„ניין," האָט זי געענטפערט אַ דערשראָקענע.

„כ׳האָב גערופען עדוואַרדאַ׳ן, פריילין עדוואַרדאַ, נאָר געמיינט האָב איך דיך. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט דערפון. נו געוויס האָב איך דיך געמיינט; כ׳האָב בלויז אַ טעות געהאַט און געזאָגט עדוואַרדאַ. אָבער לאָמיר מעהר ניט ריידען פון איהר. אָה גאָט, דו ביסט דאָך דאָס ליעבסטע מיידעל מיינס, עווא! דו האָסט היינט אַזעלכע רויטע ליפען; דו האָסט שעהנערע פיס איידער עדוואַרדאַ, נאַ, זעה אַליין." כ׳האָב אויפגעהויבען איהר קלייד און איהר געוויזען איהרע אייגענע פיס.

אַ פרייד, ווי איך האָב עס קיינמאָל פריהער ביי איהר ניט גע־זעהן, האָט בעדעקט איהר געזיכט; זי וויל זיך אָבקעהרען פון מיר, איז זיך אָבער באַלד מישב און לייגט אַרום דעם אָרם אַרום מיין נאַקען.

אַ ווײַלע געהט אַריבער. מיר שמועסען צוזאַמען, מיר זיצען די גאַנצע צייט אויף אַ לאַנגער באַנק און ריידען מכח אַסך זאַכען. איך האָב געזאָגט:

„ווערסט מיר גלויבען, פריילין עדוואַרדאַ האָט זיך נאָך ניט אויס־געלערנט ריידען; זי רעדט ווי אַ קינד; זי זאָגט „גליקליכערער", כ׳האָב עס אַליין געהערט. ווי מיינסט דו, זי האָט אַ שעהנעם שטערן?

איך מיין, אַז ניט. זי האָט אַ פֿינסטערן שטערן. און די הענד וואַשט זי זיך אויך ניט."

„האָסט דאָך געזאָגט, אַז מיר וועלען מעהר ניט ריידען פֿון איהר?"

„ריכטיג. כ'האָב זיך גאָר פֿערגעסען אָן דעם."

ס'פֿערגעהט ווידער אַ ווײלע. איך טראַכט וועגען וואָס עס איז, איך שווייג.

„פֿאַרוואָס ווערן דײנע אויגען פֿייכט?" פֿרעגט עוואַ.

„זי האָט נאָך אַלעם דעם פּאָרט אַ שעהנעם שטערן," רוף איך זיך אָב, „און די הענד איהרע זיינען אַ'מער ריין. ס'איז בלויז געווען אַ צופֿאַל, וואָס זיי זיינען איינמאָל געווען שמוציג. דאָס האָב איך אייגענטליך געוואָלט זאָגען." אָבער מיט אַמאָל ווער איך היציג און מיט צונויפֿגעביסענע צייהן זאָג איך: „כ'זיץ כסדר און דיינק פֿון דיר, עוואַ; אָבער איך האָב מורא, אַז דו האָסט פֿילייכט גאָר ניט געהערט, וואָס איך וויל דיר דאָ דערצעהלען. אַז עדוואַרדאַ האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן עזאָפֿ'ן, האָט זי געזאָגט: עזאָפֿ, דאָס איז דאָך געווען אַ קלוגער מאַן, ער איז געווען אַ פֿריגיער. איז דאָס ניט קינדעריש? זי האָט עס אַודאי דעמזעלבען טאָג געלייענט ערגעץ-וואו אין אַ בוך; כ'בין איבערצייגט דערפֿון."

„יאָ," האָט עוואַ געזאָגט; „אָבער וואָס ווייטער?"

„אַזוי ווייט ווי איך קען זיך דערמאָנען, האָט זי אויך גערעדט דערפֿון, אַז עזאָפּ האָט געהאַט אַ לעהרער מיט'ן נאָמען קסאַנטוס. האַ—האַ—האַ!"

„נו יאָ."

„אָבער צום טייוועל, וואָס פֿאַר אַ פנים האָט עס, אַז מען דערצעהלט אין געזעלשאַפֿט, אַז עזאָפּ האָט געהאַט קסאַנטוס'ן פֿאַר אַ לעהרער? אָט דאָס וואָלט איך בלויז געוואָלט וויסען. אַך, דו ביסט עפּעס היינט ניט גוט אויפֿגעלייגט, עוואַ, אַניט וואָלסט דו זיך געקאַטשעט פֿאַר געלעכטער."

„אָה געוויס, עס קוקט מיר אויך אויס קאָמיש," רופֿט זיך אָב עוואַ און הויבט אָן געצוואונגען און פֿערוואונדערט צו לאַכען, „נאָר איך פֿערשטעה עס ניט אַזוי גוט ווי דו."

איך שווייג און טראַכט, שווייג און טראַכט.

„איז דיר פּילייכט ליעבער, ווען מיר זיצען שטיל און ריידען גאָרנישט?" האָט עוואַ שטילערהייט געפרעגט. די גוטסקייט האָט איהר אַרויסגעשיינט פון די אויגען, זי איז אַרומגעפאָהרען מיט דער האַנד איבער מיינע האָר.

„דו גוטע, גוטע זעעלע!" רוף איך אויס און טוליע זי שטאַרק צו צו מיין ברוסט. „איך בין זיכער, אַז איך געה אויס פאַר ליעבע צו דיר, איך ליעב דיך אַלץ מעהר און מעהר; דו וועסט דאָך מיטקומען מיט מיר, ווען איך וועל אַוועקפאָהרען פון דאַנען? ווי מיינסט דו, וועסט קענען פאָהרען מיט מיר?"

„יאָ," האָט זי געענטפערט

דאָס דאָזיגע יאָ האָב איך כמעט ניט געהערט, נאָר איך האָב עס געפיהלט אין איהר אָטהעם-צוג, כ'האָב עס געמערקט אויף איהר געזיכט. מיר נעהמען זיך אַרום מיט אַ ווילדער ליידענשאַפט, און זי גיט זיך מיר אָב אָהן אָבהאַלט, אָהן אַ שום אויסרעכנונג.

אין אַ שטונדע אַרום זעגען איך זיך אָב מיט עוואַ'ן, כ'גיב איהר אַ קוש און לאָז זיך געהן. אין דער טהיר קומט מיר אַנטקעגען הערר מאַק.

הערר מאַק אַליין.

ער טהוט אַ ציטער און קוקט אַריין אין שטוב, בלייבט שטעהן אויף דער שוועל און קוקט. „נאַ!" רופט ער זיך אָב און קען מעהר קיין וואָרט ניט אַרויסברייננגען פון מויל, אַזוי ווי אַ דונער וואָלט איהם געטראָפען.

„וואָס זשע, איהר האָט זיך ניט געריכט מיך צו געפינען דאָ?" זאָג איך און בעגרים איהם.

עוואַ ריהרט זיך ניט פון אָרט.

הערר מאַק קומט צו זיך, אַ מערקווירדיגע זיכערקייט קלייבט זיך ביסלאַכווייז אַריין צו איהם, ער ענטפערט:

„איהר האָט אַ טעות; גראָד אייך זוך איך. כ'האָב אייך געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכען, אַז פון ערשטען אַפּריל ביז צום פופצעהנטען אויגוסט איז פערבאָטען צו שיסען אין אַן אַכטעל מייל אַרום נעסטפלעצער. איהר האָט היינט לעבען אינזעל געשאָסען צוויי פייגעל; מענשען האָבען עס געזעהן."

כ׳האָב געשאָסען צוויי אַלקען," האָב איך געענטפערט גאַנץ דער-שלאָגען. ס׳איז מיר גלייך אויף׳ן שטעל קלאָהר געוואָרען, אַז דער מאַן איז גערעכט.

„צוויי אַלקען אָדער צוויי אַיידער-פייגעל, דאָס איז איין און דיזעלבע זאַך. איהר זייט געוועזען אויף אַ פערבאָטענעם אָרט."

„דאָס גיב איך צו," האָב איך געזאָגט. „ס׳איז מיר ערשט איצט אין דער רגע אַרויף אויף׳ן זינען."

„אָבער איהר האָט עס פריהער געדאַרפט אין זינען האָבען."

„איך האָב אויך אין מאָנאַט מאַי אויסגעשאָסען צוויי מאָל פונקט אויף׳ן זעלבען אָרט. ס׳איז געוועזען אויף אַן אויספאָהר צו דער אינזעל. און עס איז געשעהן אויף אייער אייגענעם פערלאַנג."

„דאָס איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך," האָט הערר מאַק געזאָגט קורץ און שאַרף.

„אָבער צום טייוועל, דאַן ווייסט איהר דאָך, וואָס איהר האָט צו טהאָן!"

„זעהר גוט," האָט ער געענטפערט.

עוואַ האָט זיך געהאַלטען גרייט. אַז איך בין אַרויס, איז זי מיר נאָכגעקומען; זי האָט אַרויפגעכאַפט אויף זיך אַ טיכעל און איז אַוועק פון הויז. כ׳האָב געזעהן, ווי זי האָט זיך פערנומען אויף׳ן וועג אַרונטער צו די שפייכלערס. הערר מאַק איז געגאַנגען אַהיים.

כ׳האָב בעקלעהרט די זאַך. וואָס פאַר אַ כיטרעקייט, צו געפינען אַן אויסוועג! ווי די אויגען זיינע האָבען דאָס אַביסעל געשטאָכען! איין שאָס, צוויי שאָסען, אַ פאָר פייגעל, אַ געלד־שטראָף, אויסצאָהלען. און דאַן איז אַלעס, אַלעס אויס מיט הערר מאַק און מיט זיין הויז. אין גרונד גענומען איז אַלצדינג געגאַנגען אויסערגעוועהנליך גוט און שנעל.

ס׳האָט אָנגעהויבען רעגענען, גרויסע, ווייכע טראָפענס. די פייגעלאַך זיינען געפליגען גאַנץ נידעריג צו דער ערד, און אַז איך בין געקומען אַהיים און אָבגעבונדען עזאָפ׳ן פון שטריק, האָט ער געפרעסען גראָז. דער ווינד האָט אָנגעהויבען רוישען.

---

## XXIII.

אַ מייל אונטער מיר זעה איך דעם ים. עס רעגענט, און איך בין אין די בערג, אַ הויכער פֿעלז בעשיצט מיך פֿאַר'ן רעגען. איך רויכער מיין קורצע פּיפּקע, רויכער איין פּיפּקע נאָך דער אַנדערער, און יעדעס מאָל, ווען איך צינד זי אָן, קריכט דער טאַבאַק אַרויס ווי קליינע, גליהענדע ווערים פֿון דער אַש. אַזוי מישען זיך אויך די געדאַנקען ביי מיר אין קאָפּ. לעבען מיר אויף דער ערד ליגט אַ בינטעל טרוקענע צווייגען פֿון אַ צושטערטען נעסט פֿון פֿייגעל. און פּונקט ווי דאָס פֿויגעל־נעסט אַזוי איז אויך מיין זעעלע.

איך דערמאָן זיך אָן אַלצדינג, אפילו אָן דער מינדעסטער קליי־ניגקייט, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין די לעצטע טעג. האָהאָ, ווי ביטער מיר איז געגאַנגען...

איך זיץ דאָ אין די בערג, און דער ים און די לופֿט ברויזען, ווינד און וועטער קאָכען און קלאָגען מורא'דיג אין מיינע אויערן. קליי־נע שיפֿלאַך און שפּאַציר־שיפֿען זעהען זיך ווייט אין ים מיט איינגע־צויגענע זעגלען; מענשען געפֿינען זיך אויף זיי, זיי ווילען אַוודאי פֿאָה־רען ערגעץ־וואו; און גאָט ווייס, וואוהין אָט די אַלע לעבענס לאָזען זיך, האָב איך ביי זיך געקלעהרט. דער ים הויבט זיך שוימענדיג אין דער הויך און וואַרפֿט זיך, וואַרפֿט זיך אַרום, ער איז אַזוי ווי בעזעצט מיט גרויסע, געשטאַלטען, וועלכע שטרעקען אויס די גליעדער און שרייען און ליאַרעמען איינע צו די אַנדערע; ניין, עס איז אַ באַל פֿון צעהן טויזענד פּייפֿענדע שדים, וועלכע בעהאַלטען דעם קאָפּ צווישען די שולטערן און דרעהען זיך אַרום און פּאַטשען מיט די שפּיץ פֿליג־לען זייערע אָן ים, אַזוי אַז ער ווערט ווייס. ווייט, ווייט אַוועק ליגט

אַ בלינדער פּעלזען־אינזעל; פֿון אָט דער אינזעל הויבט זיך אויף אַ ווייסער ים-מאַן און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ הינטער אַ געלעכערטען שיף מיט מאַסט-זעגלען, וואָס ווערט געטריבען פֿון ווינד צום ים צו, האָהאָ, צום ים צו, אַרויס אין דעם ווּסטען ים...

איך פֿרעה זיך, וואָס איך בין אַליין, וואָס קיינער קען ניט זעהן מיינע אויגען. רוהיג און פֿאָרזיכטיג שפּאַר איך זיך אָן אָן דער פּעלזען־וואַנד און וויס, אַז קיינער קען ניט שטעהן הינטער מיר און קוקען אויף מיר הינטערווייל אַכס. אַ פֿויגעל שוועבט אריבער איבער׳ן באַרג און לאָזט אַרויס אַ געבראָכענעם געשריי; אין דערזועלבער רגע טשעפּעט זיך אָב אַביסעל ווייטער אַ שטיק פּעלז פֿון באַרג און קייקעלט זיך אַראָב אין ים אַריין. און שטיל בלייב איך דאָרט זיצען אַ היבשע ווײלע, איך בין זעהר רוהיג, אַ וואַרם געפֿיהל פֿון פֿער־גניגען נעהמט מיך דורך, ווייל איך קען אַזוי זיכער זיצען דאָ אין מיין בעהעלטעניש, בעת ווען דער רעגען הערט ניט אויף צו גיסען. איך קנעפּעל צונויף מיין יאַק און דאַנק גאָט פֿאַר מיין וואַרעמער יאַק. ס׳איז אַריבער נאָך אַ ווײלע. איך בין איינגעשלאָפֿען.

ס׳איז נאָכמיטאָג, איך געה אַהיים, עס רעגענט נאָך. מיט אַמאָל קומט מיר אַנטקעגען עפּעס אונגעוועהנליכעס; עדוואַרדאַ שטעהט אַנטקעגען מיר אויף׳ן וועג. זי איז דורכגענעצט, אַזוי ווי זי וואָלט שוין דאָ געשטאַנען אַ לאַנגע צייט אין רעגען; נאָר זי שמייכעלט. נו! גיב איך גלייך אַ קלעהר, און עס פּאַקט מיך אַ ווילדער צאָרן; מיט קרעמפּפּענדע פֿינגער נעהם איך אָן מיין ביקס, און אַזוי געה איך איהר אַנטקעגען, כאָטש זי שמייכעלט.

„גוטען טאָג!“ שרייט זי אויס די ערשטע.

כ׳וואַרט אָב, ביז איך קום עטליכע טריט נעהענטער צו איהר, און דאַן זאָג איך:

„אַ גוטען טאָג אייך, שעהן פֿריילײן!“

זי ווערט ערשטוינט איבער מיין שפּאַס. אַך, איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך האָב געזאָגט. זי שמייכעלט שרעקליך און קוקט מיך אָן.

„איהר זייט היינט געווען אין די בערג?“ פֿרעגט זי. „זעהט, ווי

נאַס איהר זייט געוואָרען. כ'האָב דאָ אַ טיכעל מיט זיך; איהר ווילט עס פּיליכט אַרומנעהמען אַרום זיך, איך קען אויסקומען אָהן דעם... וואָס זשע, איהר דערקענט מיך שוין גאָר ניט?" און זי לאָזט אַראָב די אויגען צו דער ערד און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„אַ טיכעל?" ענטפער איך און קריץ מיט די צייהן פאַר צאָרן און ערשטוינונג. „הערט אויס, איך האָב דאָ אַ יאַק, ווילט איהר איך זאָל זי אייך באָרגען? כ'קען אויסקומען אָהן איהר; איך וואָלט זי יעדען איינעם געבאָרגט, איהר קענט זי אַלזאָ רוהיג נעהמען. כ'וואָלט זי מיט פרייד אַוועקגעגעבען אַ פישער־פרוי."

כ'האָב געזעהן, אַז זי איז געשפּאַנט צו הערען, וואָס איך וועל זאָגען; זי האָט זיך אַזוי אויפמערקזאַם צוגעהערט צו יעדען וואָרט, וואָס איך האָב אויסגערעדט, אַז זי איז געוואָרען מיאוס און האָט פערגעסען צוצומאַכען דאָס מויל. זי שטעהט דאָ מיט'ן טיכעל אין דער האַנד, ס'איז אַ ווייס זיידען טיכעל, זי האָט עס זיך אַרונטער־גענומען פון האַלז. איך רייס מיר אויך אַרונטער די יאַק.

„אום גאָטעס ווילען, טהוט זי אָן צוריק!" גיט זי אַ געשריי. „דאָס זאָלט איהר ניט טהאָן. זייט איהר ווירקליך אַזוי בייז אויף מיר? ניין, מיין גאָט, טהוט אָן צוריק די יאַק, איידער איהר ווערט דורכגענעצט."

כ'האָב צוריק אָנגעטהאָן די יאַק.

„וואו לאָזט איהר זיך געהן?" האָב איך געפרעגט מיט אַ פינ־סטערער מיענע.

„ניין, אין ערגעץ ניט... איך פערשטעה גאָר ניט, ווי אַזוי איהר האָט זיך געקענט אויסטהאָן די יאַק..."

„וואו האָט איהר ערגעץ היינט דעם באַראָן?" האָב איך ווייטער געפרעגט. „אין אַזאַ וועטער קען דאָך דער גראַף ניט זיין אויף'ן ים..."

„גלאַהן, כ'האָב אייך בלויז געוואָלט זאָגען עפּעס..."
איך שלאָג איהר איבער די רייד:

„ווילט איהר אַזוי גוט זיין, איבערגעבען דעם הערצאָג אַ גרוס פון מיינעטוועגען?"

מיר קוקען זיך אָן. איך בין גרייט, איהר ווידער איבערצושלאָגען

די רייד, ווען זי וועט נור עפענען דאָס מויל. ענדליך ציהט זיך אַרי־בער אַ שמערצליכע מיענע איבער איהר געזיכט; איך קעהר זיך אָב אָן אַ זייט און זאָג:

„ערנסט גערעדט, גיט דעם פרינץ אייערן דעם וועג, פרייליין עדוואַרדאַ. דאָס איז ניט קיין מאַן פאַר אייך. איך פערזיכער אייך, ער געהט אַרום די גאַנצע צייט און איז זיך אַלץ מישב, צי ער זאָל אייך נעהמען פאַר אַ פרוי צי ניט, און דאָס איז דאָך פאַר אייך קיין תכלית ניט."

„ניין, דערפון וועלען מיר בעסער מעהר ניט ריידען, ניט אמת? גלאַהן, איך האָב געטראַכט פון אייך; איהר האָט געקענט אויסטהאָן די יאַק און צוליעב אַן אַנדערן זיך לאָזען דורכנעצען; איך קום צו אייך..."

איך ציה מיט די אַקסלען און זאָג ווייטער:

„כ'שלאָג אייך אָנשטאָט איהם פאַר דעם דאָקטאָר. וואָס האָט איהר געגנען איהם אויסצוזעצען? אַ מאַן אין זיינע בעסטע יאָהרען, אַן אויסגעצייכענטער קאָפּ. דיינקט נאָך וועגען דעם."

„הערט מיך פאָרט אויס בלויז איין מינוט......"

„עזאָפּ, מיין הונד, וואַרט אויף מיר אין שטיבעל."

כ'האָב אַרונטערגענומען די מיץ, האָב זי בעגריסט און געזאָגט:

„אַדיע, שעהן פרייליין."

און איך האָב זיך געלאָזט געהן.

זי האָט אַ געשריי געטהאָן:

„ניין, רייס מיר ניט אַרויס דאָס האַרץ פון דער ברוסט. איך בין היינט געקומען צו דיר, כ'האָב דאָ געוואַרט אויף דיר, און איך האָב געשמייכעלט, ווען דו ביסט געקומען. נעכטען בין איך שיער פון זינען ניט אַראָב, ווייל איך האָב די גאַנצע צייט וועגען קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט; אַלעס האָט זיך אַ־ומגעדרעהט מיט מיר אַזוי ווי אַ ראָד, און איך האָב ניט אויפגעהערט דיינקען פון דיר. היינט בין איך געזעסען אין צימער; אַ מענש איז אַריינגעקומען, כ'האָב ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ אַ קוק צו טהאָן, נאָר איך האָב געוואוסט, ווער דאָס איז געווען דער, וואָס איז אַריינגעקומען. נעכ־טען האָב איך גערודערט אַ האַלב פערטעל מייל, רופט ער זיך אָב.

זייט איהר ניט מיעד געוואָרען? האָב איך געפרעגט. אַך יאָ, זעהר מיעד; און איך האָב געקראָגען וואונדען אויף די הענד, האָט ער געענטפערט און איז געווען גאַנץ טרויעריג דעריבער. כ'האָב גע־קלעהרט ביי זיך: זעה נאָר, וועגען אַזאַ זאַך נעהמט אָט דער דאָ זיך צום האַרצען! אין אַ ווײַלע אַרום רופט ער זיך אָב: די נאַכט האָב איך געהערט אַ שושקעריי לעבען מיינע פענסטער; ס'איז גע־ווען אייער דיענסט־מיידעל און אייגער פון אייערע קאָמים, זיי האָ־בען געהאַט אַן אינטימען געשפרעך. יאָ, זיי וועלען ביידע חתונה האָבען, האָב איך געזאָגט. יאָ, אָבער דאָס איז געווען אַרום צוויי אַזייגער! וואָס ווייטער? האָב איך געפרעגט, און גלייך נאָכדעם האָב איך צוגעלייגט: די נאַכט געהערט צו זיי. דאָ האָט ער אַרויפגערוקט זיינע גאָלדענע ברילען אויף דער נאָז און בעמערקט: אָבער, ניט אמת, דיינקט איהר ניט, אַזוי אין מיטען נאַכט, דאָס זעהט דאָך ניט גוט אוים? כ'האָב נאָך אַלץ ניט אויפגעהויבען די אויגען, און אַזוי זיינען מיר געזעסען צעהן מינוט צייט. — זאָל איך אייך אַרויפ־לייגען אַ שאַל אויף די שולטערן? האָט ער אַ פרעג געטהאָן. — ניין, אַ דאַנק, האָב איך געענטפערט. — קען איך אָננעהמען אייער קליינע האַנד? האָט ער ווידער געפרעגט. — איך האָב ניט געענט־פערט, מיינע געדאַנקען זיינען געווען ערגעץ אַנדערש. ער האָט אַוועקגעלייגט אַ קליין שאַכטעלע אויף מיין שויס, כ'האָב געעפענט דאָס שאַכטעלע און געפונען אַ נאָדעל אינעווייניג; די נאָדעל האָט געהאַט אַ קרוין, און איך האָב איבערגעצעהלט צעהן שטיינער אין איהר... גלאַהן, כ'האָב די נאָדעל דאָ ביי מיר, ווילסט זי זעהן? זי איז צוטראָטען: קום אַקאָרשט אַהער און זעה, אַז זי איז צוטראָטען... נו, וואָס זאָל איך טהאָן מיט דער נאָדעל? האָב איך געפרעגט. — איהר זאָלט זי אָנטהאָן, זיך דערמיט אויספוצען, האָט ער געענטפערט. — אָבער איך האָב איהם צוריק אָבגעגעבען די נאָדעל און געזאָגט: לאָזט מיך צורוה, איך דיינק מעהר פון אַן אַנדערן. — פון וואָס פאַ־ אַן אַנדערן? האָט ער געפרעגט. — פון אַ יעגער, האָב איך געענטפערט; ער האָט מיר אַלס עראינערונג בלויז צוויי שעהנע פעדערן געשיינקט; אָבער נעהמט אייך אייער נאָדעל צוריק. — נאָר ער האָט די נאָדעל אויף קיין פאַל ניט געוואָלט צוריקנעהמען. כ'האָב

צום ערשטען מאָל אַ קוק געטהאָן אויף איהם, זיינע אויגען האָבען מיך דורכגענומען דורך און דורך. איך נעהם די נאָדעל ניט צוריק, טהוט דערמיט וואָס איהר ווילט; צוטרעט זי, האָט ער געזאָגט. כ׳בין אויפגעשטאַנען, כ׳האָב אַוועקגעלייגט די נאָדעל אונטער מיין קנאַפּעל און אַרויפגעטראָטען דערויף. דאָס איז געווען היינט אין דערפריה... פיער שטונדען בין איך דאָ אַרומגעגאַנגען און האָב געוואַרט; נאָך׳ן מיטאָג בין איך אַוועק פון דערהיים. ער האָט מיך בעגעגענט אויבען אויף׳ן וועג. — וואוהין געהט איהר? האָט ער געפרעגט, — צו גלאַהן, האָב איך געענטפערט; כ׳וויל איהם בעטען, ער זאָל מיך ניט פערגעסען... פון איינס אַזייגער אָן האָב איך דאָ געוואַרט, כ׳בין געשטאַנען ביי אַ בוים און האָב געזעהן, ווי דו קומסט; דו ביסט געווען ווי אַ גאָט. כ׳האָב געליעבט דיין געשטאַלט, דיין באָרד און דיינע שולטערן, אַלעס אויף דיר און אין דיר האָב איך געליעבט... אַצונד ביסט דו אונגעדולדיג, דו ווילסט געהן, נור געהן, איך בין דיר גלייכגילטיג, דו גיסט אפילו קיין קוק ניט אויף מיר..."

ווען זי האָט אָנגעהויבען ריידען, בין איך געבליבען שטעהן. אַז זי איז אַנשוויגען געוואָרען, האָב איך ווידער אָנגעהויבען געהן. איך בין געווען פערמאַטערט פאַר פערצווייפלונג און איך האָב געשמייכעלט, מיין האַרץ איז געווען ווי אַ שטיין.

„ס׳איז וואהר," האָב איך געזאָגט און בין ווידער געבליבען שטעהן. „איהר האָט דאָך מיר געוואָלט עפּעס זאָגען?"

מיט דעם דאָזיגען שפּאָט האָב איך איהר שוין צופיעל דערעסען.

„האָב איך אייך ווירקליך געוואָלט עפּעס זאָגען? יאָ, אָבער איך האָב דאָך שוין עפּעס געזאָגט; וואָס זשע, איהר האָט עס ניט געהערט? ניין, גאָרנישט, כ׳האָב איך מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען......"

איהר שטימע ציטערט מאָדנע, נאָר דאָס ריהרט מיך ניט.

---

## XXIV.

אויף מאָרגען אין דער פֿריה, אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען, איך גיב אַ קוק, עדוואַרדאַ שטעהט ביים שטיבעל.

אין פֿערלויף פֿון דער נאַכט האָב איך אַלצדינג איבערלייגט און געפֿאַסט מיין בעשלוס. ניין, פֿאַרוואָס זאָל איך זיך לאָזען פֿערבלענ-דען פֿון אָט דער קאַפּריזנער פּערזאָן, אַ פֿישער-מיידעל, אַן אונגע-בילדעטער קאָפּ? וואָס זשע, איז דען איהר נאָמען ניט געזעסען לאַנג גענוג אין מיין האַרצען און האָט עס אויסגעזויגען? גענוג, זאָל זיין אַ סוף דערמיט! איבעריגענס איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, אַז איך בין איהר פּילייכט טאַקע דערפֿאַר מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי ליעב און טהייער, ווייל איך האָב איהר אַרויסגעצייגט גלייכגילטיג-קייט און זיך אויסגעלאַכט פֿון איהר. אַך, ווי גר'יסאַרטיג איך האָב זיך דאָס פֿון איהר אויסגעלאַכט! נאָכדעם ווי זי האָט געהאַלטען אַ היבשע רעדע אויף עטליכע מינוטען לאַנג, רוף איך זיך אָב גאַנץ רוהיג: ריכטיג, איהר האָט דאָך מיר געוואָלט עפּעס זאָגען...

זי איז געשטאַנען ביים שטיין, זי איז געווען שטאַרק צוקאָכט און האָט געוואָלט מיר אַנטקעגען לויפֿען, זי האָט שוין געהאַט אויס-געשטרעקט די אָרעמס, איז אָבער געבליבען שטעהן און האָט פֿער-בראָכען מיט די הענד. איך האָב אַרויפֿגעלייגט די האַנד אויף מיין מיץ און זי בעגריסט, ניט אויסרייידענדיג דערביי קיין וואָרט.

„היינט וויל איך בלויז א י י נ ס פֿון אייך, גלאַהן," האָט זי געזאָגט מיט אַ ריהרענדער שטימע. און איך האָב זיך פֿון אָרט ניט גערוהרט, נור כדי צו הערען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען. „כ'האָב

געהערט, אַז איהר זייט געווען ביים שמיעד. ס'איז געווען אַן אָבענד, ווען עווא איז געווען אַליין אין דערהיים."
איך בין געבליבען ערשטוינט און האָב געפרעגט:
„פון וועמען האָט איהר דאָס געקראָגען אָט די מיטטהיילונג?"
„איך שפּיאָניר ניט," האָט זי אויסגעשריען; „כ'האָב עס נעכטען ביינאַכט געהערט, מיין פאָטער האָט עס מיר דערצעהלט. נעכטען אָבענד, ווען איך בין געקומען אַהיים אַ דורכגענעצטע, רופט זיך אָב מיין פאָטער: דו האָסט זיך היינט אויסגעלאַכט פון דעם באַראָן, האָסט איהם געמאַכט צום נאַר. — ניין, האָב איך געענטפערט. — וואו ביסט דו איצט געווען? פרעגט ער ווייטער. — כ'האָב געענטפערט: ביי גלאהן. — דאָ האָט עס מיר מיין פאָטער דערצעהלט." —
איך בעקעמפף מיין פערצווייפלונג און זאָג:
„עווא איז זאָגאַר דאָ געווען."
„דאָ איז זי אויך געווען? אין שטיבעל?"
„עטליכע מאָל. כ'האָב זי אַריינגעבעטען. מיר האָבען גערעדט צוזאַמען."
„אויך דאָ!"
פויזע. האַלט זיך פעסט! קלעהר איך ביי זיך און זאָג:
„אַזוי ווי איהר זייט אַזוי ליעבענסווירדיג זיך אַריינצומישען אין מיינע אַנגעלעגענהייטען, וויל איך אויך ניט אָבשטעהן. כ'האָב אייך נעכטען פאָרגעשלאָגען דעם דאָקטאָר; האָט איהר נאָכגעדיינקט דעריבער? דער פרינץ איז דאָך צו אונמעגליך."
צאָרן פלאַמט אויף אין איהרע אויגען.
„ווייסט איהר וואָס, ער איז נ י ט אונמעגליך!" זאָגט זי מיט אַ ביטערן טאָן. „ניין, ער איז בעסער פאַר אייך; ער קען זיך אויפהאַלטען אין אַ הויז, ניט ברעכענדיג קיין שאָלען און קיין גלעזער, און מיינע שיך לאָזט ער אויך צורוה. יאָ, ער ווייסט, ווי אַרומצוגעהן מיט מענשען; אָבער איהר, איהר זייט לעכערליך, איך שעהם זיך מיט אייך, איהר זייט אונערטרעגליך; האָט איהר מיך פערשטאַנען?"
איהרע ווערטער האָבען מיך טיעף בעליידיגט, כ'האָב אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט:

„אין דעם פּרט זייט איהר גערעכט, איך בין ניט איבעריגס פֿעהיג אַרומצוגעהן מיט מענשען. האָט רחמנות; איהר פֿערשטעהט מיך ניט, איך וואוין גם ליעבסטען אין וואַלד, דאָס איז מיין פֿרייד. דאָ אין מיין איינזאַמקייט שאַדט עס קיינעם ניט, וואָס איך בין ווי איך בין; ווען איך קום זיך אָבער צונויף מיט אַנדערע, מוז איך אָנווענדען מיין גאַנצע מיה צו זיין, ווי עס געהערט צו זיין. שוין צוויי יאָהר, אַז איך בין אַזוי וויניג געווען צווישען מענשען...“

„ביי אייך מוז מען יעדע רגע זיך ריכטען אויף דאָס ערגסטע,“ האָט זי ווייטער געזאָגט. „עס ווערט איינפֿאַך איבערדריסיג, כסדר אויף אייך אַכטונג צו געבען.“

ווי אונבאַרמהאַרציג זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט! אַן אונגעהייער ביטערער שמערץ נעהמט מיך דורך, כ'פֿאַל שיער ניט אַנידער פֿון איהרע שטריינגע רייד. נאָר עדוואַרדאַ האָט זיך ניט בענוגענט דערמיט, זי האָט נאָך צוגעלייגט:

„פֿיליכט וואָלט איהר געקענט זעהן, עוואַ זאָל אַכטונג געבען אויף אייך. ס'איז נור אַ שאַד, וואָס זי איז פֿערהייראַט.“

„עוואַ? איהר זאָגט, אַז עוואַ איז פֿערהייראַט?“ האָב איך געפֿרעגט.

„יאָ, פֿערהייראַט.“

„מיט וועמען איז זי פֿערהייראַט?“

„דאָס מוזט איהר דאָך וויסען. עוואַ איז פֿערהייראַט מיט'ן שמיעד.“

„וואָס זשע, זי איז ניט דעם שמיעד'ס טאָכטער?“

„ניין, זי איז זיין פֿרוי. וואָס זשע, איהר מיינט אַפּנים, אַז איך זאָג אַ ליגען?“

איך האָב גאָר קיין מיינונג ניט געהאַט דעריבער, מיין ערשטוינונג איז בלויז געווען אַזוי גרויס. כ'בין געבליבען שטעהן און האָב געטראַכט ביי זיך: „איז עוואַ ווירקליך פֿערהייראַט?“

„איהר האָט, הייסט עס, געטראָפֿען אויף אַ גליקליכע, פּאַסענדע פּאָר...“ האָט זיך עדוואַרדאַ אָבגערופֿען.

נו, ס'האָט גאָר קיין סוף ניט געוואָלט נעהמען. כ'האָב אַנגעהויבען ציטערן פֿאַר פֿערדרוס און געזאָגט:

„אָבער טאָ נעהמט פֿאָרט דעם דאָקטאָר, ווי איך זאָג אייך.

הערט זיך צו צו דער עצה פֿון אַ פֿריינד; דער פּרינץ איז דאָך אַ האַלב־אַלטער נאַר." און אין מיין פֿערביטערטקייט האָב איך געמאַכט חוזק פֿון איהם, כ'האָב איינפֿאַך איבערטריבען זיין עלטער, כ'האָב געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּליך אויף'ן קאָפּ, אַז ער איז אין גאַנצען בלינד; כ'האָב אויך ערקלעהרט, אַז ער טראָגט די קרוין אויף די קנעפּ פֿון זיין העמד מיט דעם איינציגען צוועק, כדי זיך גרויס צו האַלטען מיט זיין יחוס. „איבעריגענס האָב איך זיך גאָר־נישט געוואָלט בעקענען מיט איהם," האָב איך געזאָגט. „ס'איז גאָרנישט דאָ אין איהם, וואָס זאָל איהם אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן אויסצייכענען פֿון די אַנדערע; עס פֿעהלען איהם די הויפּט־ליניען, ער איז גאָרנישט."

„אָבער ער איז עפּעס, ער איז עפּעס!" האָט זי געשריען, און איהר קול איז הייזעריג געוואָרען פֿאַר צאָרן, „ער איז פֿיעל מעהר, ווי דו מיינסט, דו וואַלד־מענש. נאָר וואַרט אַקאָרשט, ער וועט מיט דיר ריידען, איך וועל איהם בעטען, ער זאָל ריידען מיט דיר. דו גלויבסט ניט, אַז איך האָב איהם ליעב, אָבער דו וועסט זעהן, אַז דו האָסט אַ טעות; איך וועל חתונה האָבען מיט איהם, כ'וועל טאָג און נאַכט דיינקען נור פֿון איהם. מערק דיר, וואָס איך זאָג: כ'האָב איהם ליעב. זאָל עוואַ קומען צו דיר, האָהאָ, גאָט אין הימעל, זאָל זי נאָר קומען, עס זאָל מיר דאָס גאָר אָנהויבען אַרען! יאָ, כ'מוז זעהן, וואָס גיכער אַוועקצוגעהן פֿון דאַנען..." זי האָט אָנגעהויבען אַרונטערגעהן מיט'ן וועג פֿון שטיבעל, זי האָט געמאַכט אַ פּאָר קליינע, שנעלע טריט, נאָר באַלד האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעקעהרט, איהר געזיכט איז געווען בלאַס ווי דער פּנים פֿון אַ מת, און זי האָט מיט צאָרן אויסגעשריען: „און קום מיר קיינמאָל מעהר ניט פֿאַר די אויגען, דו הערסט?"

## XXV.

די בלעטער פֿון די בוימער זיינען געוואָרען געל, דאָס קאַר־טאָפֿעל־גראָז האָט זיך פֿונאַנדערגעוואַקסען און איז געשטאַנען אין פֿולער בליהונג; די יאַגד־צייט איז ווידער געקומען, איך האָב געשאָסען שנעע־היהנער, וואַלד־היהנער און האָזען; איין טאָג האָב איך געשאָסען אַן אָדלער. אַ שטילער, הויכער הימעל, קיהלע נעכט, פֿיעל קלאָהרע און ליעבע קלאַנגען אין וואַלד און פֿעלד. גרויס און פֿריעדליך איז געווען די וועלט...

„ווי קומט עס, וואָס איך האָב גאָרנישט געהערט פֿון הערר מאַק מכח די צוויי פֿייגעל, וועלכע איך האָב געשאָסען?" רוף איך זיך איינמאָל אָב צום דאָקטאָר.

„דאָס האָט איהר עדוואַרדאַ'ן צו פֿערדאַנקען," האָט ער גע־ענטפֿערט. „דאָס וויים איך, כ'האָב אַליין געהערט, ווי זי האָט זיך געשטעלט געגען דעם."

„איך דאַנק איהר גאָרנישט דערפֿאַר," האָב איך געזאָגט...

סוף־זומער, סוף־זומער. די וועגען האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי גאַרטלען דורך דעם וועלקענדען וואַלד, יעדען טאָג איז געקומען אַ נייער שטערן, די לבנה האָט געבלישטשעט ווי אַ שאָטען, אַ שאָ־טען פֿון גאָלד איינגעטונקט אין זילבער...

„גאָט איז מיט דיר, דו ביסט דאָך גאָר פֿערהייראַט, עווא?"

„וואָס זשע, דו האָסט עס ניט געוואוסט?"

„ניין, איך האָב עס ניט געוואוסט."

שטום האָט זי געדריקט מיין האַנד.

„גאָט איז מיט דיר, קינד, וואָס זאָלען מיר אַצונד טהאָן?"

„וואָס דו ווילסט. דו פֿאָהרסט דאָך נאָך ניט אָב פֿון דאַ־
נען; כ׳וועל זיין צופֿריעדען און פֿרעהליך, אזוי לאַנג דו ביסט דאָ.
„ניין, עוואַ.״
„יאָ, יאָ—, אַזוי לאַנג דו ביסט נאָך דאָ.״
זי זעהט אוים פֿערצאָגט און די גאַנצע צייט הערט זי ניט
אויף דריקען מיין האַנד.
„ניין, עוואַ, גענוג! קיינמאָל מעהר ניט!״

און נעכט געהען פֿערביי, און טעג קומען; ס׳איז שוין דער
דריטער טאָג זינט יענעם געשפרעך. עוואַ געהט מיט אַ משא אי־
בער׳ן וועג. וויפֿיעל ברען-האָלץ האָט דאָס דאָזיגע קינד אין פֿער־
לויף פֿון זומער איבערגעטראָגען פֿון וואַלד אַהיים!
„לייג אָב די משא, עוואַ, און לאָמיך זעהן, צי דיינע אויגען
זיינען נאָך פּונקט אַזוי בלוי ווי געווען.״
איהרע אויגען זיינען געווען רויט.
„ניין, שמייכעל ווידער, עוואַ! איך קען דאָך מעהר ניט אויס-
האַלטען אָהן דיר, איך בין דיינער, איך בין דיינער...״
אָבענד. עוואַ זינגט, כ׳הער איהר געזאַנג, און אַ היץ נעהמט
מיך דורך און דורך.
„דו זינגסט היינט אָבענד, עוואַ?״
„יאָ, איך בין פֿרעהליך.״
און אַזוי ווי זי איז נידעריגער פֿון מיר, טהוט זי אַ שפּרונג,
כדי צו קענען אַרומלייגען איהרע אָרעמס אַרום מיין האַלז.
„וואָס איז דאָס, עוואַ, דו האָסט זיך צוקראַצט די הענד? מיין
גאָט, ווי האָסט דו זיי צוקראַצט!״
„דאָס מאַכט גאָרנישט אויס.״
איהר פּנים שטראַהלט אויף אַזוי וואונדערליך.
„עוואַ, האָסט גערעדט מיט הערר מאַק?״
„איין מאָל.״
„וואָס האָט ער געזאָגט, און וואָס האָסט דו געזאָגט?״
„ער איז געוואָרען זעהר שטריינג צו אונז, ער לאָזט מיין מאַן
אַרבייטען טאָג און נאַכט ביים שפּייכלער, און מיך שטעלט ער

אויך אַוועק ביי אַלערליי אַרבייטען. ער האָט מיר געהייסען טהאָן מענער־אַרבייט."

"פאַרוואָס טהוט ער דאָס ?"

עווא האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען צו דער ערד.

„פאַרוואָס טהוט ער דאָס, עווא ?"

„ווייל איך האָב דיך ליעב."

„אָבער ווי קען ער דאָס וויסען ?"

„איך האָב עס איהם אַליין געזאָגט."

פויזע.

„ווען גאָט גיט, ער זאָל ניט זיין אַזוי שטריינג צו דיר !"

„אָבער דאָס שאַדט גאָרנישט. עס שאַדט גאָרנישט איצט !"

און אַזוי ווי אַ שטילער, ציטערענדער געזאַנג האָט איהר שטי־מע אָבגעקלונגען אין וואַלד.

און די בלעטער ווערן נאָך געלער, ס'געהט צו אָסיען, אויף'ן הימעל האָבען זיך בעוויזען נאָך מעהר שטערען, און די לבנה זעהט פון איצט אָן אויס ווי אַ שאָטען פון זילבער, וואָס איז איינגעטונקט אין גאָלד. ס'איז ניט געווען קאַלט, גאָרנישט, נור אַ קיהלע שטיל־קייט און אַ שטראָמענדעס לעבען אין וואַלד. יעדער בוים איז גע־שטאַנען פאַר זיך און האָט געטראַכט. די יאַגדעס זיינען געווען פאַרטיג.

אַזוי איז אָנגעקומען דער צוויי און צוואַנציגסטער אויגוסט און דערמיט די דריי אייזערנע נעכט*).

*) אין די „אייזערנע נעכט", צווישען דעם 22-טען און דעם 28-טען אוי־גוסט פלעגט אין יענע געגענדען אָנקומען דער ערשטער פראָסט.

## XXVI.

די ערשטע פֿון די אייזערנע נעכט.

אַרום ניין אַזייגער געהט די זונן אונטער. אַ מאַטע פֿינסטער־ניש לייגט זיך אויס איבער דער ערד, עס בעווייזען זיך אַ פּאָר שטערען, צוויי שעה שפּעטער אַ בלישטש פֿון דער לבנה. איך לאָז זיך מיט מיין ביקס און מיט מיין הונד אַריין אין וואַלד, כ׳טראָג צונויף אַ הויפֿען פֿון אַראָבגעפֿאַלענע צווייגען, און דער שיין פֿון מיין פֿייער פֿאַלט צווישען די וואָרצעל־שטאַמען פֿון די סאָסנעס. ניטאָ קיין פֿראָסט.

די ערשטע פֿון די אייזערנע נעכט! זאָג איך צו זיך אַליין. און אַ געוואַלדיגע פֿרייד איבער צייט און אָרט נעהמט מיך דורך און דורך...

אַ געזונד, איהר מענשען און חיות און פֿייגעל, אַ געזונד צו דער איינזאַמער נאַכט אין וואַלד, אין וואַלד! אַ געזונד צו דעם חושך און צו גאָט׳ס מורמלען צווישען די בוימער, צו דעם זיסען, איינפֿאַכען קלאַנג פֿון דער שטילקייט אין מיינע אויערן, צו די גרי־נע בלעטער און די געלע בלעטער! אַ געזונד צו דעם לעבענס קלאַנג, וואָס איך הער, אַ סאָפּענדער שנוק אין גראָז, אַ הונד, וואָס ליגט אויף דער ערד און סאָפּעט! אַ געזונד צו דער ווילדער קאַץ, וואָס ליגט אויף׳ן בויך און צילעוועט און האַלט זיך גרייט אַ שפּרונג צו טהאָן אויף אַ פֿויגעלע אין דער פֿינסטער, אין דער פֿינסטער! אַ געזונד צו דער באַרמהאַרציגער שטילקייט אויף דער ערד, צו די שטערען און דער האַלבער לבנה, יאָ, פֿאַר איהר און פֿאַר יענע!...

כ'שטעה אויף און האָרך זיך צו. קיינער האָט מיך ניט גע־הערט. זעץ איך זיך ווידער אַוועק.

אַ דאַנק פאַר דער איינזאַמער נאַכט, פאַר די בערג, פאַר דעם חושך און פאַר דעם געוויש פון ים, עס ברויזט אין מיין האַרצען! אַ דאַנק פאַר מיין לעבען, פאַר מיין אָטהעם־צוג, פאַר דעם חסד, וואָס איך לעב היינט ביינאַכט, דערפאַר דאַנק איך פון טיעפען האַרצען! הער זיך צו אין מזרח און הער זיך צו אין מערב, הער זיך צו! דאָס איז דער אייביגער גאָט! אָט די שטילקייט, וואָס מורמעלט און שושקעט מיר אין אויער, איז דאָס בלוט פון דער גאַנצער גרויסער נאַטור, וואָס זידט, דאָס איז גאָט, וואָס צוטריי־סעלט די וועלט און מיך. איך זעה אַ בלאַנק שפין־געוועבס אין'ם שיין פון מיין האָלץ־פייער, כ'הער אַ שיפעל, וואָס רודערט אויף'ן ים, דאָרט אין צפון־זייט אויף'ן הימעל הויבט זיך אויף אַ ליכט, אַ צפון־ליכט. אָה, ביי מיין אונשטערבליכער זעעלע, איך דאַנק אויך פון גאַנצען האַרצען דערפאַר, וואָס איך בין עס גראָד דער, וועלכער זיצט דאָ!...

ס'איז שטיל. אַ קאָנוס פאַלט אַראָב פון אַ טאַנענבוים אויף דער ערד. אַ קאָנוס איז אַראָבגעפאַלען! טראַכט איך ביי זיך. די לבנה שטעהט הויך אויף'ן הימעל, דאָס פייער פלאַקערט אויף דעם האַלב־פערברענטען הויפען און האַלט ביים אויסגעהן. און שפעט אין דער נאַכט וואַנדער איך אַהיים.

די צווייטע אייזערנע נאַכט, דיזעלבע שטילקייט און דאָס מיל־דע וועטער. מיין זעעלע גריבעלט אין זיך. מעכאַניש געה איך צו צו אַ בוים, ציה אַראָב די מיץ טיעף איבער'ן שטערן און שפאַר זיך אָן מיט'ן רוקען אָן דעם דאָזיגען בוים, די הענד צונויפגעלייגט אויף'ן נאַקען. איך קוק און טראַכט; דער פלאַם פון מיין פייער בלענדט מיר אין די אויגען, און איך פיהל עס ניט. כ'שטעה אַ היבשע ווייל'ע אין דער דאָזיגער פאָזע און קוק אויף'ן פייער; מיינע פיס קענען זיך ניט ריהרען פון מיעדקייט; כ'ווער אַזוי ווי פער־גליווערט שטעהענדיג און זעץ זיך ענדליך אַנידער. ערשט איצט

בערעכען איך, וואָס איך האָב געטהאָן. נאָך וואָס האָט געטויגט אזוי לאַנג קוקען אויף'ן פייער ?

עזאָפ הויבט אויף דעם קאָפּ און שטעלט אָן די אויערן, ער הערט טריט. עוואַ ווייזט זיך.

„איך בין היינט בייַנאַכט זעהר שטאַרק פערטראַכט און אומעטיג," רופט איך זיך אָב.

און פאַר רחמנות ענטפערט זי גאַרנישט.

„כ'האָב ליעב דריי זאַכען," זאָג איך ווייטער. „כ'ליעב אַ ליעבעס-טרוים, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט, כ'ליעב דיך, און איך ליעב אָט דאָס שטיק ערד."

„און וואָס האָסט דו ליעב מעהר פון אַלץ ?"

„דעם טרוים."

ס'ווערט ווידער שטיל. עזאָפ קען עוואַ'ן און ער לייגט אַוועק דעם קאָפּ אָן אַ זייט און קוקט אויף איהר. איך מורמעל :

„אויף'ן וועג האָב איך היינט געזעהן אַ מיידעל, זי איז געגאַנגען אָרם אין אָרם מיט איהר געליעבטען. דאָס מיידעל האָט געוואונקען מיט די אויגען אויף מיר און האָט זיך קוים געקענט איינהאַלטען פון לאַכען, בעת איך בין פערבייגעגאַנגען."

„איבער וואָס האָט זי געלאַכט ?"

„דאָס ווייס איך ניט. זי האָט אַודאי געלאַכט פון מיר. פאַרוואָס פרעגסט דו זיך נאָך וועגען דעם ?"

„דו האָסט זי געקענט ?"

„יאָ, כ'האָב געגריסט."

„און זי, זי האָט דיך ניט דערקענט ?"

„ניין,..... אָבער נאָך וואָס זיצסט דו דאָ און פאָרשסט מיך אויס ? דאָס איז גאָר ניט שעהן פון דיר. דו וועסט מיך ניט ברייגגען דערצו, צו דערמאָנען איהר נאָמען."

פויזע.

איך מורמעל ווידער :

„איבער וואָס זי האָט געלאַכט ? זי איז אַ קאָקעטקע ; נאָר איבער וואָס פאָרט האָט זי געלאַכט ? אין יעזוס קריסטוס' נאָמען, וואָס האָב איך איהר דען געטהאָן ?"

עוואַ ענטפערט:

„ס׳איז געווען אַ שווייַנעריי פון איהר, צו לאַכען פון דיר."

„ניין, ס׳איז ניט געווען קיין שווייַנעריי פון איהר!" האָב איך אַ געשריי געטהאָן. „דו דאַרפסט זי ניט בעריידען, זי טהוט ניט קיין שום שלעכטס, ס׳איז געווען גאַנץ ריכטיג פון איהר, וואָס זי האָט פון מיר געלאַכט. שווייג, צום טייוועל, און לאָז מיך צורוה, דו הערסט?"

און אַ דערשראָקענע לאָזט מיך עוואַ צורוה. כ׳קוק זי אָן און האָב גלייך אין דערזועלבער רגע חרטה אויף מיינע שטרייַנגע ווערטער, כ׳פאַל אַנידער פאַר איהר און פערבער׳עך די הענד.

„געה אַהיים, עוואַ. דו ביסט די, וועמען איך האָב אַם מייסטען ליעב; ווי האָבען איך גאָר געקענט ליעב האָב אַ טרוים? דאָס איז בלויז געווען אַ שפּאַס; דו ביסט עס די, וועמען איך האָב ליעב. אָבער געה איצט אַהיים, מאָרגען וועל איך קומען צו דיר; געדיינק, איך בין דיינער, יאָ, פערגעס עס אַקאָרשט ניט. גוטע נאַכט."

און עוואַ געהט אַהיים.

די דריטע פון די אייזערנע נעכט, אַ נאַכט אין דער העכסטער שפּאַנונג. וואָלט כאָטש געווען אַביסעל פראָסט! אָנשטאָט דעם פראָסט אַ שטיל־שטעהענדיגע וואַרעמקייט נאָך דער זונן פון׳ם טאָג, די נאַכט איז געווען ווי אַ לעבליך־וואַרעמער זומפּ. כ׳האָב אָנגעלייגט מיין פייער־הויפען...

„עוואַ, צייטענווייז קען עס פאַר איינעם זיין אַ תענוג, ווען מען ווערט געצויגען ביי די האָר. אַזוי צומישט קען ווערען אַ מענשען׳ס מוח. מען קען געצויגען ווערן ביי די האָר גאַנצע טהאָלען אַרונטער און בערג אַרויף, און אַז אימיצער פרעגט, וואָס דאָ קומט אייגענטליך פאָר, איז מען אימשטאַנד גאַנץ ענטציקט צו ענטפערן: איך ווער געצויגען ביי די האָר! און אַז יענער פרעגט: אָבער זאָל איך דיר פּילייכט העלפען, דיך בעפרייען? ענטפערט מען ניין. און אַז מען פרעגט ווייטער: אָבער ווען דו עס אויסהאלטען? ענטפערט מען: יאָ, כ׳וועל עס אויסהאַלטען; וואָרים איך ליעב די האַנד, וואָס שלעפּט מיך...... עוואַ, דו ווייסט, וואָס האָפען איז אַזוינס?"

„יאָ, כ'מיין, אַז איך ווייס."

„זעהסט דו, עווא, האָפֿען, דאָס איז עפּעס אַ וואונדערליכע, יאָ, אַ גאַנץ מאָדנע זאַך. מען קען צום ביישפּיעל אין אַ שעהנעם פֿריה־מאָרגען געהן אויף'ן וועג און האָפֿען צו טרעפֿען אַ פּערזאָן, וועלכע מען האָט ליעב. און בעגעגענט מען אָט די פּערזאָן? ניין. פֿאַרוואָס ניט? ווייל די פּערזאָן איז דעם דאָזיגען פֿריה־מאָרגען פֿערנומען מיט עפּעס און איז ערגעץ אַנדערש... אויף די בערג האָב איך זיך בעקענט מיט אַן אַלטען בעטלער. אַכט און פֿופֿציג יאָהר האָט ער גאָרנישט געזעהן, און איצט איז ער שוין געווען איבער זיבעציג. ס'האָט זיך איהם אָבגערוכט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט וואָס ווייטער אַלץ בעסער געזעהן; ס'געהט אַלץ פֿאָרווערטס און פֿאָרווערטס, פֿלעגט ער זאָגען; אַז עס זאָל זיך נור ניט מאַכען עפּעס אַ זייטיגע צרה, וועט ער אין עטליכע יאָהר צייט ווידער קענען זעהן די זונן. ער האָט געהאַט שווארצע האָר, נאָר זיינע אויגען זיינען געווען גאַנץ ווייס. אַז מיר זיינען געזעסען צוזאַמען ביי איהם אין זיין ערד־שטיבעל און האָבען גערויכערט, פֿלעגט ער מיר דערצעהלען מכח אַלעס, וואָס ער האָט געזעהן, איידער ער איז בלינד געוואָרען. ער איז געווען האַרט און געזונד, אָהן געפֿיהל, קיין זאַך האָט איהם ניט געקענט ברעכען, און זיין האָפֿנונג האָט ער ניט אויפֿגעגעבען. אַז איך האָב געמוזט אַוועקגעהן, האָט ער מיך אַרויסבעגלייט און אָנגעהויבען ווייזען נאָך פֿערשיעדענע ריכטונגען. דאָרט איז דרום, האָט ער געזאָגט, און דאָרט איז צפון. דו געהסט קודם כל אַהער מיט דעם וועג, און אַז דו שפּאַנסט אָב אַ שטיק באַרג אַרונטער, פֿערקירעוועסט דו זיך אין יענער זייט, האָט ער געזאָגט. גאַנץ ריכטיג, האָב איך געענטפֿערט. דאָ האָט זיך דער בעטלער צולאַכט און געזאָגט: זעהסט דו, דאָס האָב איך פֿאַר פֿערציג, פֿופֿציג יאָהרען ניט געוואוסט, איך זעה אַלזאָ איצט בעסער ווי דעמאָלט, ס'געהט אַלץ פֿאָרווערטס און פֿאָרווערטס. דערנאָך האָט ער זיך פֿערנייגט און איז צוריק אַריינגעקראָכען אין דעם ערד־שטיבעל, אין דעם אייביגען ערד־שטיבעל, זיין היים אויף דער וועלט. און ער האָט זיך ווייטער אַנידערגעזעצט ביים פֿייער ווי פֿריהער, פֿול מיט האָפֿנונג, אַז ער וועט אין אַ פּאָר יאָהר אַרום ווידער דערזעהן דעם שיין פֿון דער

זוהן...... עוואַ, ס'איז אַ מערקווירדיגע זאַך מיט דער האָפנונג. איך, צום ביישפּיעל, האָף איצט צו קענען פאַרגעסען די פערזאָן, וועלכע איך האָב היינט אין דערפריה ניט געטראָפען אויף'ן וועג."

„דו רעדסט אַזוי מאָדנע."

„ס'איז די דריטע פון די אייזערנע נעכט. כ'זאָג דיר צו, עוואַ, מאָרגען וועל איך ווערן גאָר אַן אַנדער מענש. לאָז מיך אַצונד אַליין, דו וועסט מיך גאָרנישט דעריקענען מאָרגען, ווען איך וועל קומען צו דיר, כ'וועל לאַכען און דיך קושען, מיין זיס קינד. בערעכען פאָרט, מיר בלייבט בלויז אָט די נאַכט; דאַן וועל איך ווערן אַן אַנדער מענש; אין עטליכע שטונדען בלויז. גוטע נאַכט, עוואַ."

„גוטע נאַכט."

כ'לייג זיך נעהענטער צו מיין פייער און בעטראַכט די פלאַמען. אַ קאַנוס פאַלט אַרונטער פון צווייג; ווען ניט ווען פאַלט אויך אַראָב אַ טרוקענער צווייג פון אַ בוים, די נאַכט דרינגט דורך דעם גאַנצען וואַלד. כ'פערמאַך די אויגען.

אין אַ שטונדע אַרום הויבען מיינע חושים אָן זיך אַריינפּאַסען אין אַ בעשטימטען ריטהמוס; כ'קלינג מיט אין דער גרויסער שטיל-קייט, כ'קלינג מיט. כ'קוק אַרויף צו דער האַלבער לבנה, זי שטעהט אויף'ן הימעל ווי אַ ווייסע מושעל, און איך פיהל עפּעס אַזוי ווי אַ ליעבשאַפט צו איהר, כ'פיהל, אַז די פאַרב קומט מיר אין פנים. דאָס איז די לבנה! זאָג איך שטיל און לייזענשאַפטליך, דאָס איז די לבנה! און מיין האַרץ שלאָגט איהר אַנטקעגען מיט קליינע, שטילע קלעפּ. עס דויערט עטליכע מינוטען. ס'בלאָזט אַביסעל, אַ פרעמדער ווינד קומט צו צו מיר, אַ מאָדנער לופט-דרוק. וואָס איז דאָס? כ'קוק זיך אום און זעה קיינעם ניט. דער ווינד רופט מיך, און מיין זעעלע בויגט זיך און ענטפערט יאָ, כ'פיהל זיך אַזוי ווי אַרויסגעהויבען פון מיין צוזאַמענהאַנג, אָקוראַט ווי אימיצער וואָלט מיך צוגעדריקט צו זיין ברוסט, מיינע אויגען ווערען פייכט; כ'ציטער, — גאָט שטעהט ערגעץ וואו ניט וויט פון מיר און קוקט מיך אָן. דאָס געדויערט ווידער אַמאָל עטליכע מינוטען. כ'קעהר אום דעם קאָפּ, דער פרעמדער לופט-דרוק פערשווינדט, און איך זעה עפּעס אַזוי ווי דעם רוקען פון אַ גייסט, וואָס שפּאַנט שטילערהייט דורך'ן וואַלד...

אַ קורצע ווײלע קעמפף איך מיט אַ שווערער בערוישונג, כ׳בין פערמאַטערט, טויט-מיעד, און איך ווער אַנשלאָפען.

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז די נאַכט געווען אַריבער.

אַך, אַ לאַנגע צייט בין איך אַרומגעגאַנגען אין אַ טרויעריגען צו־שטאַנד, צוקאָכט, פול מיט פיבער, אימער וואַרטענדיג, אַז וואָס פאַר עס איז קראַנקהייט ועט מיך אַנידערוואַרפען. אָפּט האָט מיר אַלעס אויסגעזעהען מיט׳ן קאָפּ אַראָב און מיט די פּיס אַרויף, כ׳האָב געקוקט אויף אַלצדינג מיט אָנגעצונדענע אויגען; אַ טיעפער אומעט האָט מיך בעהערשט.

אַצונד איז עס אַריבער.

## XXVII.

ס'איז הערבסט. דער זומער איז אַריבער, ער איז פֿערשוואונדען פונקט אַזוי שנעל ווי ער איז געקומען; אַך, ווי שנעל ער איז אַריבער! אַצונד זיינען די טעג קאַלט, כ'געה אויף דער יאַגד, כאַפּ פֿיש און זינג ליעדער אין וואַלד. און עס זיינען דאָ טעג מיט אַ דיקען נעבעל, וועלכער קומט פֿון ים און בעדעקט אַלצדינג מיט דונקעלהייט. אין אַזאַ מין טאָג איז עפּעס געשעהן. כ'האָב פֿערבלאָנדזשעט אין די וועלדער פֿון דער געמיינדע און איך בין צוגעקומען ביז דעם דאָקטאָר'ס הויז. דאָרט זיינען געווען געסט, די יונגע דאַמען, מיט וועמען איך האָב זיך שוין פֿריהער געהאַט צונויפּגעטראָפֿען, טאַנצענדע בחורים און מיידלאַך, אמת'ע הפקר־יונגען.

אַ וואָגען איז צוגעפֿאָהרען און האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער גאָרטען-טהיר; עדוואַרדאַ איז געזעסען אין וואָגען. אַז זי האָט מיך דערזעהן, איז זי געבליבען אַ פֿערוואונדערטע. זייט געזונד! האָב איך געזאָגט גאַנץ שטיל. נאָר דער דאָקטאָר האָט מיך פֿערהאַלטען. דורך מיין אָנוועזענהייט איז עדוואַרדאַ תחילת געווען דערשלאָגען און זי האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען, ווען איך האָב גערעדט; נאָר שפּעטער־צו האָט זי מיך ווי עס איז פֿערטראָגען און האָט זיך זאָגאַר געווענדט צו מיר מיט אַ פּאָר קורצע פֿראַגען. זי איז געווען זעהר בלייך, דער נעבעל האָט זיך אויסגעלייגט קאַלט און גראָה איבער איהר געזיכט. זי איז ניט אַרויס פֿון וואָגען.

„איך פֿאָהר מיט אַ שליחות צו אייך,“ האָט זי לאַכענדיג געזאָגט. „כ'קום פֿון דער הויפּט-קירכע, וואו כ'האָב קיינעם פֿון אייך ניט געקענט געפֿינען; מען האָט מיר געזאָגט, אַז איהר זייט אָר.

כ׳בין א־ומגעפֿאָהרען שטונדען־לאַנג, אייך זוכענדיג. מיר מאַכען מאָרגען אָבענד אַ קליינע אונטערהאַלטונג, — די אורזאַכע איז דאָס, וואָס דער באַראָן פֿאָהרט אָב די קומענדע וואָך, — און מען האָט מיך געשיקט אייך אַלעמען איינצולאַדען. מיר וועלען אויך טאַנצען. אַלזאָ מאָרגען אָבענד."

אַלע האָבען זיך פֿערנייגט און געדאַנקט.

צו מיר האָט זי אויסער דעם נאָך געזאָגט:

„זייט אַזוי גוט און בלייבט ניט אויס. שיקט אַקאָרשט ניט צו אין דער לעצטער רגע אַ בריוועל מיט ענטשולדיגונגען." דאָס האָט זי צו קיינעם פֿון די אַנדערע ניט געזאָגט. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי אַוועקגעפֿאָהרען.

איך בין געוואָרען שטאַרק געריהרט דורך דער דאָזיגער אומגעריכטער פֿריינדליכקייט, כ׳האָב זיך אויף אַ רגע פֿער׳גנב׳עט אָן אַ זייט און זיך געפֿרעהט. דערנאָך האָב איך גענומען אָבשיעד פֿון׳ם דאָקטאָר און זיינע געסט און זיך געלאָזט געהן אַהיים. ווי גוטהאַרציג זי איז דאָס געווען צו מיר, ווי גוט־האַרציג זי איז דאָס געווען צו מיר! מיט וואָס קען איך איהר אָבדיענען דערפֿאַר? מיינע הענד זיינען געוואָרען מאַט, אַ זיסע קעלט האָט זיי דורכגענומען. דו גאָט מיין גאָט, דאָ געה איך אַלזאָ, קוים וואָס איך האַלט זיך אויף די פֿיס פֿאַר פֿרייד און קען די הענד ניט צומאַכען, נאָר פֿון הילפֿלאָזיגקייט שטעלען זיך מיר טרעהרען אין די אויגען; וואָס טהוט מען דערצו?...... ערשט שפּעט ביינאַכט בין איך געקומען אַהיים. כ׳בין געגאַנגען איבער די לאַנדונגס־בריקען און האָב זיך נאָכגעפֿרעגט ביי אַ פֿישער, צי דאָס פּאָסט־שיף קען נאָך אָנקומען ביז מאָרגען אָבענד. אָך ניין, דאָס פּאָסט־שיף קומט ערשט די קומענדע וואָך. כ׳בין אַרויפֿגעלאָפֿען צו מיר אין שטיבעל און אָנגעהויבען בעקוקען מיין בעסטען אַנצוג. כ׳האָב איהם אויסגעפּוצט און איהם פֿיין געמאַכט; אויף עטליכע ערטער זיינען געווען לעכער, און איך האָב געוויינט און פֿערלאַטעט די לעכער.

אַז איך בין פֿאַרטיג געוואָרען דערמיט, האָב איך זיך אַנידערגעלייגט אויף׳ן בעטעל. איין רגע האָט אָט די רוה געדויערט; ס׳קומט מיר אַרויף אַ געדאַנק, כ׳שפּרינג אויף און בלייב שטעהן

ווי צוגעשלאָגען אין מיטען שטוב. די גאַנצע געשיכטע איז שוין ווי-
דער אַ פאַרטעל! האָב איך געשעפטשעט צו זיך אַליין. מען וואָלט
מיך גאָרנישט איינגעלאַדען, ווען איך געפין זיך נים צופעליג אויף'ן
פלאַץ, ווען די אַנדערע זיינען איינגעלאַדען געוואָרען; דערצו האָט
זי מיר נאָך געגעבען אַ דייטליכע אָנצוהערעניש, אַז איך מעג
אויסבלייבען און צושיקען אַ בריוועל מיט ענטשולדיגונגען......

די גאַנצע נאַכט בין איך נים געשלאָפען, און אַז עס איז גע-
וואָרען טאָג, בין איך אַוועק אין וואַלד, דורכגענומען פון קעלט,
מיער, פיבערדיג. היי, אַצונד מאַכט מען די פאָרבערייטונג צו אַן
אונטערהאַלטונג אין סירילונד! וואָס ווייטער? איך וועל נים געהן
אַהין און נים שיקען קיין ענטשולדיגונג. הערר מאַק איז אַ זעהר
דענקענדער מאַן, ער מאַכט דאָס דעם דאָזיגען באַל לכבוד דעם
באַראָן, אָבער איך וועל נים זיין דאָרט, פערשטעהט איהר?...

דער נעבעל איז געלעגען איבער טהאָל און באַרג, אַ נאַס-
קאַלטער אייז-נעבעל האָט זיך געלייגט אויף מיינע קליידער און
זיי געמאַכט שווער, מיין געזיכט איז געוועזן קאַלט און פייכט. נור
ווען נים ווען איז געקומען אַ ווינטעל און האָט בעוואויגען די שלאָ-
פענדע נעבלען צו שטייגען און זינקען, שטייגען און זינקען.

ס'איז געווען שפעט נאָכמיטאָג, ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פינס-
טערלאַך; דער נעבעל האָט אַלצדינגס פערשטעלט פאַר מיינע אויי-
גען, און איך האָב נים געהאַט קיין זונען-צייכענס, נאָך וועלכע
איך זאָל קענען געהן. שטונדען-לאַנג האָב איך זיך אַרומגעטריבען
אויף מיין וועג צוריק אַהיים, נאָר איך האָב זיך דאָך גאָרנישט
געהאַט וואָס צו איילען; מיט דער גרעסטער רוה האָב איך זיך אַוועק-
געלאָזט אין דער פערקעהרטער ריכטונג און בין צוגעקומען צו אונ-
בעקאַנטע ערטער אין וואַלד. ענדליך שטעל איך אַוועק דעם ביקס ביי
אַ שטאַם פון אַ בוים און האַלט זיך אַן עצה מיט מיין קאָמפּאַס.
ב'געפין אויס מיין וועג און הויב ווידער אָן צו געהן. ס'איז אַרום
אַכט אָדער ניין אַזייגער.

אַצונד איז עפּעס געשעהן.

נאָך אַ האַלב שעה גאַנג דערהער איך מוזיק דורך'ן נעבעל;
אין עטליכע מינוטען אַרום דערקען איך דעם אָרט, איך שטעה

גאַנץ נאָהענט לעבען דער הויפּט־געביידע פון סירילונד. וואָס ושע, האָט מיין קאָמפּאַס מיך פערפיהרט גראָד צו דעם פּלאַץ, פון וואַנען איך האָב געוואָלט אַנטלויפען? אַ בעקאַנטע שטימע רופט מיך ביים נאָמען; ס'איז דעם דאָקטאָר'ס קול. אין אַ ווײַלע אַרום ווער איך אַ־ריינגעפיהרט.

ס'קען אויך מעגליך זיין, אַז דער שוואונג פון מיין ביקס האָט געווירקט אויף מיין קאָמפּאַס און איהם אַראָבגעפיהרט פון וועג. דאָס האָט זיך מיר אויך געטראָפען שפּעטער אַמאָל, ערשט היינטיגס יאָהר. כ'ווייס ניט, וואָס איך זאָל דיינקען וועגען דעם.

---

## XXVIII.

דעם גאַנצען אָבענד נאָכאַנאַנד האָב איך געהאַט דאָס ביטערע געפֿיהל, אַז איך האָב ניט געדאַרפֿט געהן אויף דער דאָזיגער אונטערהאַלטונג. מיין אַריינקומען איז כמעט ניט בעמערקט געוואָרען, אַלע זיינען געווען אַזוי פֿערנומען איינע מיט די אַנדערע, עדוואַרדאַ האָט מיך אפילו רעכט ניט בעגריסט. כ'האָב אָנגעהויבען שטאַרק צו טרינקען, ווייל איך האָב איינגעזעהן, אַז איך בין ניט געווען קיין ליעבער גאַסט, און איך בין דאָך ניט אַוועק פֿון דאָרט.

הערר מאַק האָט פֿיעל געשמייכעלט און געוויזען זיין אַנגענעהמסטעס געזיכט, ער איז געגאַנגען אין פֿראַק און האָט אויסגעזעהן זעהר גוט. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן, אָט איז ער געווען דאָ, אָט דאָרט, האָט זיך געמישט צווישען די דאָזיגע האַלבע מאה געסט, ווען ניט ווען געטאַנצט אַ טאַנץ, געשפּאַסט און געלאַכט. אין זיינע אויגען האָבען געלויערט פֿערבאָרגענע געדאַנקען.

אַ גערויש פֿון מוזיק און שטימען האָט געקלונגען איבער'ן גאַנצען הויז. פֿינף צימערען זיינען געווען פֿול מיט געסט, און אַחוץ דעם האָט מען אין גרויסען זאַאַל געטאַנצט. אַז איך בין געקומען, האָט מען גראָד געהאַט אָבגעגעסען נאַכט-מאָהל. פֿערשמייעטע דיענסט-מיידלאַך זיינען אַרומגעלאָפֿען מיט גלעזער און ווייגען, קאַפֿע־קאַנען פֿון גלאַנציגען קופּער, ציגאַרען, ליולקעס, צוקער-געבעקס און פֿרוכטען. מען האָט גאָרנישט געשפּאָרט. אין די היינג-לייכטער האָבען געשטעקט אויסערגעוועהנליך דיקע ליכט, וועלכע זיינען ספּעציעל צו דעם צוועק געגאָסען געוואָרען; אַחוץ דעם האָבען אויך געברענט די נייע קעראָסין-לאָמפּען.

עווא האָט מיטגעהאַלפּען אין קיך, כ'האָב זי בעמערקט בלויז פערביילויפענדיג.

דער באַראָן האָט צוגעצויגען צו זיך זעהר פיעל אויפמערקזאַמ־קייט, כאָטש ער איז געווען שטיל און בעשיידען און האָט זיך ניט געריקט פאָראויס. אויך ער האָט געטראָגען אַ פראַק מיט שטאַר צוקנייטשטע פאָלעס דורך'ן איינפּאַקען. ער האָט זיך געוועהנליך אונטערהאַלטען מיט עדוואַרדאַ'ן, האָט פון איהר קיין אויג ניט אַראָבגענומען, געטרונקען מיט איהר און זי גערופען פריילין, פונקט ווי די טעכטער פון'ם אויבער־פּאָסטאָר און דעם דאָקטאָר. איך האָב די גאַנצע צייט געטראָגען אַ האַרץ געגען איהם, און קוים האָב איך נור אַ קוק געטהאָן אויף איהם, האָב איך זיך גלייך געמוזט אָב־קעהרען מיט אַ טרויעריגער און נאַרישער העויה. אַז ער האָט גע־רעדט צו מיר, האָב איך איהם אָבגע'פּטר'ט מיט קורצע ענטפערס און דערנאָך פערקרימט דאָס מויל פאַר כעס.

עטליכע פּאַסירונגען פון יענעם אָבענד קומען מיר אַרויף אויף'ן זינען. כ'בין געשטאַנען און גערעדט מיט אַ יונג מיידעל, אַ בלאָנ־דינקע; כ'האָב וואָס געזאָגט אָדער איהר דערצעהלט אַ געשיכטע, וואָס האָט זי געמאַכט לאַכענדיג. דאָס איז אוראי ניט געווען קיין מערקווירדיגע געשיכטע; נאָר פיליכט האָב איך זי אין מיין אַבי־סעל שכור'ן צושטאַנד דערצעהלט קאָמישער, ווי איך קען זיך איצט דערמאָנען; על כל פנים זי איז מיר אַרויס פון זינען. קורץ און גוט: אַז איך האָב זיך אומגעדרעהט, איז עדוואַרדאַ געשטאַנען הינטער מיר. זי האָט מיר צוגעוואָרפען אַן אָנערקענענדען בליק.

דערנאָך האָב איך בעמערקט, ווי זי נעהמט אַוועק די בלאָנדינקע מיט זיך, כדי צו דערגעהן, וואָס איך האָב געזאָגט. כ'קען גאָר ניט זאָגען, וואָס פאַר אַ פערגניגען עדוואַרדאַ'ס בליק האָט מיר פער־שאַפט, נאָכדעם ווי איך בין דעם גאַנצען אָבענד אַרומגעגאַנגען פערשטויסען און איינזאַם פון איין צימער אין אַנדערן; מיר איז גלייך אויף'ן שטעל אַסך פרעהליכער געוואָרען אויף'ן האַרצען, און איך האָב דאַן גערעדט מיט עטליכע געסט און זיך גאַנץ פיין אונ־טערהאַלטען. אַזוי ווייט ווי איך וויים, האָב איך ניט בעגאַנגען קיין פעהלער דערביי...

כ׳בין געשטאַנען דרויסען אויף די הויז־טרעפּ. עווא איז אַרויס־געקומען פון אַ צימער און האָט פערבייגעטראָגען עטליכע זאַכען. זי האָט מיך דערזעהן, איז אַרויסגעקומען אויף די טרעפּ און האָט האַסטיג אַ פאָהר געטהאָן מיט דער האַנד איבער מיינע הענד; דערביי האט זי אַ שמייכעל געטהאָן און איז אַריין צוריק אינעווייניג. קיינער פון אונז האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַז איך האָב זיך געלאָזט אַריינגעהן הינטער איהר, איז עדוואַרדאַ געשטאַנען אין קאָרידאָר און האָט מיך אָנגעקוקט. זי האָט מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פנים אַריין. אויך זי האָט גאָרנישט געזאָגט. איך בין אַריין אין זאַאַל.

„ווי געפעהלט אייך דאָס?" האָט זיך עדוואַרדאַ פלוצלינג הויך אויף׳ן קול אָבגערופען. „לייטענאַנט גלאַהן אַמוזירט זיך גאָר אויף אַנדער שטייגער. ער האָט דרויסען אויף די טרעפּ צוזאַמענטרעפונ־גען מיט די דיענסט־מיידלאַך." זי איז געשטאַנען אין דער טהיר. מעהרערע פערזאָנען האָבען געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט. זי האָט געלאַכט, גלייך זי וואָלט דאָס געשפּאַסט, אָבער איהר געזיכט איז געווען זעהר בלייך.

איך האָב גאָרנישט געענטפערט דערויף, כ׳האָב בלויז געמורמעלט:

„ס׳איז געווען צופעליג, זי איז גראָד אַרויסגעקומען, מיר האָ־בען זיך בעגעגענט אין קאָרידאָר..."

ס׳איז אַריבער אַ ווײַלע, פיליכט אַ שעה צייט. אימיצער האָט איבערגעקעהרט אַ גלאָז און בעגאָסען אַ דאַמע איהר קלייד. קוים האָט עס עדוואַרדאַ דערזעהן, שרייט זי אויס:

„וואָס איז דאָ געשעהן? נאַ, דאָס האָט נאַטירליך גלאַהן גע־מוזט טהאָן."

איך האָב עס ניט געטהאָן, איך בין גאָר געשטאַנען אין אַן אַנדער זייט זאַאַל, בעת דאָס אונגליק האָט געטראָפען. פון איצט אָן האָב איך ווידער אָנגעהויבען היבשלאַך טרינקען, און איך האָב זיך אויפגעהאַלטען לעבען טהיר, כדי ניט צו זיין די טענצער און טענ־צערקעס אין וועג.

דער באַראָן האָט ווייטער פערקליבען אַרום זיך די דאַמען. ער האָט בעדויערט, וואָס זיינע זאַמלונגען זיינען שוין פערפאַקט, אַזוי

אַז ער האָט גאָרנישט בײַ דער האַנד וואָס צו ווײַזען, יענע גראָז־בוימלאַך פֿון'ם ווײַסען ים, די ערד פֿון די קוה־אינזעלאַך, אויסערגע־וועהנליך אינטערעסאַנטע שטיינער פֿון'ם גרונד פֿון ים. די דאַמען האָבען געוואָרפֿען נײַגעריגע אויגען אויף די קנעפּ פֿון זײַן העמד, אויף אָט די פֿינף־שפּיציגע קרוינען, וועלכע האָבען געהאַט די בע־דײַטונג פֿון באַראָן. אונטער די דאָזיגע אומשטענדען האָט דער דאָקטאָר מעהר קיין מזל ניט געהאַט, אפילו זײַן וויציגע קללה, יענער „טויט און פינזעל" האָט שוין אויך מעהר קיין ווירקונג ניט געהאַט. נאָר קוים האָט עדוואַרדאַ געעפֿענט דאָס מויל, איז ער שטענדיג געווען בײַ איהר זײַט, האָט איהר פֿעררירכט די גרײַזען, וואָס זי האָט געמאַכט, זי צוטומעלט מיט קליינע שאַרפֿע ווערטלאַך, און אויף אַ רוהיגען אופן, מיט ישוב הדעת האָט ער איהר ניט געלאָזט אויפֿהויבען דעם קאָפּ.

זי האָט געזאָגט:

„...ביז איך געה דורך דעם טהאָל פֿון טויט."

„געהסט דורך וואָס?"

„דורך דעם טהאָל פֿון טויט. וואָס זשע, ס'הייסט דען ניט דער טהאָל פֿון טויט?"

„כ'האָב געהערט ריידען מכח דעם טײַך פֿון טויט. דאָס מיינט איהר אודאי."

שפּעטער האָט זי גערעדט וועגען דעם, אַז זי האַלט אָפֿען איהרע אויגען איבער אַ זאַך, ווי אַ...

„דראַגאָן,"*) איז דער דאָקטאָר איהר אַרײַנגעפֿאַלען אין די רייד.

„נו יאָ, ווי אַ דראַגאָן," האָט זי געענטפֿערט.

אָבער דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

„איהר מוזט מיר דאַנקען, וואָס איך האָב אײַך אַרויסגעראַטע־וועט. איך בין זיכער, אַז איהר וואָלט געזאָגט אַרגוס."**)

---

*) אַ פֿאַבעלהאַפֿטע בעשעפֿעניש, וואָס זעהט אויס ווי אַ שלאַנג מיט פֿליגלען.

**) דער נאָמען פֿון אַ פּרינץ, וועלכער האָט, לויט דער מיטהאָלאָגיע, געהאַט הונדערט אויגען. מיט דעם וואָרט אַרגוס בעצייכענט מען אַ שאַרפֿען בעאָבאַכטער, מיט אַ דורכדרינגענדען וואַכזאַמען בליק.

דער באַראָן האָט אויפגעהויבען די ברעמען און דורך זיינע דיקע ברילען-גלעזער האָט ער איהם צוגעוואָרפען אַ בליק פון ער־שטוינונג; אָבער דער דאָקטאָר האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג וואָס איז איהם דער באַראָן אָנגעגאַנגען!

איך שטעה נאָך אַליין ביי דער טהיר. אין זאַאַל ווערט שנעל געטאַנצט. ס'גיט זיך מיר איין, צו פערבינדען אַ געשפרעך מיט דער לעהרערין פון דעם קירך-הויף. מיר האָבען גערעדט מכח דער מלחמה, מכח די פערהעלטניסען אין דער קרים, וועגען די געשעהע־נישען אין פראַנקרייך, מכח נאַפּאָלעאָן אַלס קייזער, מכח די טער־קען, וועמען ער גיט זיין שוץ; די יונגע דאַמע האָט אין פערלויף פון זומער געלייענט די צייטונגען און זי האָט מיר געהאַט וואָס צו דערצעהלען. ענדליך האָבען מיר זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ זאָפאַ און גערעדט.

עדוואַרדאַ געהט פערביי, זי בלייבט שטעהן לעבען אונז. פלוצלינג רופט זי זיך אָב:

„איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, הערר לייטענאַנט, וואָס איך האָב אייך איבערראַשט אויף די הויז-טרעפּ. כ'וועל עס ווייטער קיינמאָל ניט טהאָן."

זי האָט אויך איצט געלאַכט און ניט געקוקט אויף מיר.

„פריילין עדוואַרדאַ, הערט אויף אַצונד," האָב איך געזאָגט.

זי האָט מיר געזאָגט „איהר", דאָס איז ניט געוועזען צו גוטען, און איהר מיינונג איז געוועזען רשעות'דיג. כ'האָב זיך דערמאָנט אָן דאָקטאָר און אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען, אַזוי ווי ער וואָלט געטהאָן. מיט אַמאָל רופט זי זיך ווידער אָב:

„אָבער פאַרוואָס געהט איהר ניט אַריין אין קיך? עווע איז דאָרט. מיר דוכט, איהר וואָלט זיך בעדאַרפט דאָרט אויפהאַלטען."

דערביי האָט זי מיך דורכגענומען מיט אַ בליק פול האַס.

איך האָב געזאָגט:

„וואָס זשע, איהר האָט גאָר קיין מורא ניט, אַז אייערע ווער־טער קענען שלעכט אויסגעטייטשט ווערן, פריילין עדוואַרדאַ?"

„ניין, ווי אַזוי? נו געוויס, עס קען אַמאָל זיין, אָבער ווי מיינט איהר דאָס?"

„איהר רעדט צייטענווייז אַזוי אונאיבערלייגט. אַצונד איז עס מיר צום ביישפיעל פאָרגעקומען, עפּעס אַזוי ווי איהר וואָלט מיך גאָר פשוט אַרויסגעטריבען אין קיך, און דאָס איז נאַטירליך אַ מיס-פערשטענדניס. איך ווייס דאָך גאַנץ גוט, אַז איהר האָט ניט גע-האַט בדעה צו זיין אונפערשעהמט.״

זי געהט אָב עטליכע טריט פון אונז. כ׳האָב געזעהן אויף איהר, אַז זי האָט כסדר נאָכגעדיינקט וועגען דעם, וואָס איך האָב געזאָגט. זי דרעהט זיך אום און קומט צוריק, זי זאָגט אָהן אַן אָטהעם:

„ס׳איז דורכאויס ניט געווען קיין מיספערשטענדניס, הערר ליטענאַנט, איהר האָט ריכטיג געהערט; כ׳האָב איך אַרויסגע-שיקט אין קיך.״

„ניין, אָבער עדוואַרדאַ!״ טהוט די דערשראָקענע לעהרערין אַ געשריי.

און איך האָב ווידער אָנגעהויבען ריידען וועגען דער מלחמה און די פערהעלטניסען אין דער קרים; אָבער מיינע געדאַנקען זיי-נען געווען ווייט אַוועק דערפון. איך בין שוין מעהר ניט געווען בע-רוישט, נאָר איינפאַך צומישט, די פּאָדלאָגע האָט זיך מיר אַוועקגע-גליטשט אונטער די פיס, און איך האָב, אַזוי ווי מעהר ווי איין אונ-גליקליך מאָל פריהער, פערלאָרען די גלייכגעוויכט. כ׳הויב זיך אויף פון דער זאָפאַ און וויל אַרויסגעהן. דער דאָקטאָר שטעלט מיך אָב.

„אין דער רגע האָב איך געהערט אַ לויב-געזאַנג וועגען אייך,״ האָט ער געזאָגט.

„אַ לויב-געזאַנג? פון וועמען?״

„פון עדוואַרדאַ׳ן. זי שטעהט דאָרט הינטען אין ווינקעל און קוקט אויף אייך מיט גליהענדע בליקען. כ׳וועל עס קיינמאָל ניט פערגעסען, זי האָט אויסגעזעהן גאַנץ פערליעבט און האָט געזאָגט הויך אויף׳ן קול, אַז זי בעוואונדערט אייך.״

„דאָס איז גוט,״ האָב איך לאַכענדיג געזאָגט. אָך, ביי מיר אין קאָפּ איז קיין איין קלאָהרער געדאַנק ניט געווען.

כ׳בין צוגעגאַנגען צום באַראָן, האָב זיך אָנגעבויגען איבער איהם, גלייך איך וואָלט איהם געוואָלט איינרוימען אַ סוד, און אַז

איך בין צוגעקומען נאָהענט גענוג צו איהם, האָב איך איהם אַריינ-געשפּיגען אין אויער. ער איז אויפגעשפּרונגען און האָט מיך אָנגע-קוקט ווי אַן אידיאָט. שפּעטער האָב איך געזעהן, ווי ער האָט אי-בערגעגעבען עדוואַרדאַ'ן דאָס, וואָס האָט איהם געטראָפען, און אַז זי האָט זיך שטאַרק געערגערט דעריבער. זי האָט געטראַכט וועגען איהר שוך, וועלכען איך האָב אַריינגעשליידערט אין וואַסער, וועגען די שאָלען און גלעזער, וועלכע איך בין געווען אונגליקליך גענוג צו צוברעכען, וועגען די אַלע אַנדערע פעהלערן, וועלכע איך האָב בעגאַנגען געגען די גוטע, אָנגענומענע רעגלען פון אָנשטענדיגקייט; דאָס אַלעס דאָט זיך פון דאָס ניי אָבגערופען ביי איהר אין זכרון. כ'האָב זיך געשעהמט מיט זיך אַליין, ס'איז געווען אַ סוף מיט מיר; וואוהין איך האָב זיך געקעהרט און געווענדט, האָב איך בעגעגענט דערשראָקענע און ערשטוינטע בליקען, און איך האָב זיך אַרויסגע'גנב'עט פון סירילונד אָהן אַ זיי-געזונד, אָהן אַ דאַנק.

---

## XXIX.

דער באַראָן וועט אָבפֿאָהרען; זעהר גוט! כ'וועל אָנלאָדען מיין ביקס און אַרויפֿגעהן אויף די בערג און פֿון זיין און עדוואַרדאַ'ס כבוד וועגען וועל איך אָבפֿייערן אַ הויכען, מעכטיגען שאָס. כ'וועל אויסבויערן אַ טיעפֿען לאָך אין אַ פֿעלז און פֿון זיין און עדוואַרדאַ'ס כבוד וועגען אַ באַרג אין שטיקער אויפֿרייסען. און אַ גרויסער פֿעלז-שטיין זאָל זיך אַרונטערקאַטשען פֿון באַרג און אַראָבפֿאַלען מיט מאַכט אין ים, בעת זיין שיף וועט פֿערבייפֿאָהרען. כ'קען אַן אָרט, אַ שפּאַלט אין פֿעלז, וואו שטיינער האָבען זיך שוין פֿריהער געקאַטשעט און געמאַכט אַ ריינעם וועג אַרונטער ביז'ן ים. טיעף אונטען איז דאָ אַ פּלאַץ, וואו די לאָטקעס ליגען.

„צוויי מינען-בויערער!" רוף איך זיך אָב צום שמיעד.

און דער שמיעד שאַרפֿט אָן צוויי מינען-בויערער...

עוואַ איז אָנגעשטעלט געוואָרען און מוז אַרומפֿאָהרען אַהין און אַהער מיט איינעם פֿון הערר מאַק'ס פֿערד צווישען דער מיהל און דעם שפּייכלער. זי מוז טהאָן די אַרבייט פֿון אַ מאַן און אָבפֿיהרען זעק מיט קאָרן און מעהל. איך בעגעגען זיך מיט איהר, און זי זעהט אויס גרויסאַרטיג מיט איהר פֿרישען געזיכט. גוטער גאָט, ווי צערטליך איהר שמייכעל גליהט! יעדען אָבענד פֿלעג איך זיך טרעפֿען מיט איהר.

„דו זעהסט אויס, אָקוראַט ווי דו וואָלסט גאָר קיין זאָרגען ניט געהאַט, עוואַ, מיין געליעבטע!"

„דו רופֿסט מיך דיין געליעבטע! איך בין אַן אונוויסענדע פֿרוי, אָבער איך וועל דיר בלייבען געטריי. כ'וועל דיר בלייבען

געטריי, און אפילו ווען איך זאָל מוזען שטאַרבען דערפאַר. הערר מאַק ווערט יעדען טאָג אַלץ שטריינגער און שטריינגער, נאָר דערפון דיינק איך ניט; ער איז ווילד, ער קאָכט זיך, נאָר איך ענטפער איהם ניט. ער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים אָרם און איז געוואָרען גראָה פאַר רציחה. כ'האָב בלויז איין זאָרג."

„און וואָס איז דאָס פאַר אַ זאָרג?"

„הערר מאַק סטראַשעט דיך. ער זאָגט מיר: אַהאַ, דער לייטענאַנט, אָט דער ליגט דיר אין זינען! — איך ענטפער: יאָ, איך בין זיינע. — דאָ זאָגט ער: נו, נו, וואַרט אַקאָרשט, איהם וועל איך שוין משלח זיין פון דאַנען! דאָס האָט ער נעכטען געזאָגט."

„דאָס איז גאָרנישט, זאָל ער סטראַשען... עוואַ, קען איך זעהן, צי דיינע פיסעלאַך זיינען נאָך פונקט אַזוי קליין ווי געוועזן? פערמאַך די אויגען און לאָז מיך אַ קוק טהאָן!"

און מיט פערמאַכטע אויגען פאַלט זי מיר אַרויף אויף'ן האַלז אַ ציטער נעהמט זי דורך און דורך.

---

# XXX.

איך זיץ אויף'ן באַרג און מינעווע. אַרום מיר איז די אָסיען-לופֿט קלאָהר ווי קריסטאָל, די קלעפּ אויף מיין בויערער קלינגען גלייכמעסיג און מיט טאַקט, עזאָפּ קוקט מיך אָן מיט פֿערוואונדערטע אויגען. אַ שטראָם פֿון צופֿרידענהייט נעהמט ווען ניט ווען דורך מיין ברוסט; קיינער ווייסט ניט, אַז איך בין דאָ אויף דעם וויסטען פֿעלז.

אַצונד זיינען די וואַנדער-פֿייגעל אַוועק; אַ גליקליכע רייזע און מיר זאָלען דערלעבען זיך ווידערזעהן אין פֿריידען! זינג-פֿייגעל און דאָ און דאָרט אַ באַרג-פֿויגעלע לעבען אַליין אויף די איינזאַמע פֿעיז.ן און צווישען די בוימלאַך פֿון וואַלד; פּיפּ—פּיפּ! אַלצדינג איז אַזוי מאָדנע פֿערענדערט, די בעראָזע איז בלוט-רויט אַנטקעגען די גראָע שטיינער; דאָ אַ גלאָקען-בוים, דאָרט אַ האָרניס-פֿליעג, וועלכע הויבט זיך אויף פֿון גראָז און וויגט זיך און זומזעט שטילערהייט אַ ליעדעל; הער צו! אָבער איבער אַלעם שוועבט אַ פֿישפֿויגעל מיט אַן אויסגעשטרעקטען האַלז, ער פֿליהט אין די בערג אַריין.

און די נאַכט קומט; כ'לייג אַוועק מיין בויערער און מיין דלאָט אונטער אַ שטיין און רוה זיך אָב פֿון דער אַרבייט. אַלעס דרעמעלט, די לבנה געהט אַרוים דאָרט אין צפֿון, די בערג וואַרפֿען ריעזיגע שאָטענס. ס'איז אַ פֿולע לבנה, זי זעהט אויס ווי אַ גליהענדע אינזעל, זי זעהט אויס אַזוי ווי אַ קיילעכדיג רעטעניש פֿון מעש, אַרום וואָס איך געה אַרום, איבער וואָס איך ווער פֿערוואונדערט. עזאָפּ הויבט זיך אויף און ווערט אונרוהיג.

וואָס ווילסט דו, עזאָפּ? וואָס איז שייך צו מיר, בין איך מיעד און פֿערמאַטערט פֿון מיין קומער, כ'וויל איהם פֿערגעסען, איהם דערטרינקען. איך היים דיר ליגען שטיל, עזאָפּ, כ'וויל האָבען רוה. עוואַ פֿרעגט: דיינקסט דו צייטענווייז פֿון מיר? — איך ענטפֿער: תמיד פֿון דיר. — עוואַ פֿרעגט ווידער: און פֿערשאַפֿט עס דיר פֿרייד צו דיינקען פֿון מיר? — איך ענטפֿער: לויטער פֿרייד, קיינמאָל ניט עפּעס אַנדערש ווי פֿרייד. — דאַן רופֿט זיך אָב עוואַ: דיינע האָר ווערן גראָה. — און איך ענטפֿער: יאָ, זיי הויבען אָן גראָה ווערן. — אָבער עוואַ פֿרעגט: וואָס זשע, זיי ווערן גראָה דורך עפּעס, מכח וואָס דו דיינקסט? — און דערויף ענטפֿער איך: פֿילייכט. — ענדליך זאָגט עוואַ: דו דיינקסט, הייסט עס, ניט בלויז פֿון מיר אַליין... עזאָפּ, ליג שטיל, כ'וועל דיר בעסער דערצעהלען עפּעס אַנדערש...

נאָר עזאָפּ שטעהט און סאָפּעט און שמעקט אַראָב אין טהאָל, ער וואויעט און צופּט מיך ביים ראָק. אַז איך שטעה ענדליך אויף און געה איהם נאָך, הויבט ער אָן לויפֿען אַזוי שנעל, אַז איך קען איהם ניט נאָכהאַלטען. אויף'ן הימעל און איבער'ן וואַלד הויבט זיך אויף אַ רויטקייט, כ'נעהם שפּאַנען שנעלער; פֿאַר מיינע אויגען בעוויזט זיך אַ האָלץ-פֿייער, אַן אונגעהייער גרויסער בראַנד. כ'בלייב שטעהן און קוק אַרונטער, געה אָב עטליכע טריט און קוק ווידער אַמאָל, — מיין שטיבעל איז איינגעוויקעלט אין פֿלאַמען.

---

## XXXI.

די שרפה איז געווען הערר מאק'ס אַרבייט; כ'האָב עס גלייך געזעהן פֿון דער ערשטער רגע אָן. כ'האָב פֿערלאָרען מיינע טהיער-פֿעלען און מיינע פֿויגעל-פֿליגלען, כ'האָב פֿערלאָרען מיין אויסגע-שטאָפּטען אָדלער; אַלצדינג איז פֿערברענט געוואָרען. וואָס ווייטער? כ'בין געלעגען צוויי נעכט אונטער'ן פֿרייען הימעל און בין ניט גע-גאַנגען נאָך סירילונד בעטען אַן אָרט איבערצונעכטיגען. ענדליך האָב איך אָבגעדונגען אַ פֿערלאָזען פֿישער-שטיבעל ביי די בריקען און האָב פֿערשטאָפּט די שפּאַלטען מיט טרוקענעם מאָך. איך בין געשלאָפֿען אויף אַ הויפֿען רויטע גראָז פֿון די בערג. כ'בין ווידער געווען פֿערזאָרגט.

עדוואַרדאַ האָט געשיקט אַ שליח און מיר געלאָזט זאָגען, אַז זי האָט געהערט פֿון מיין אונגליק און זי באָט מיר אַלזאָ אָן אין איהר פֿאָטער'ס נאָמען אַ צימער ביי זיי אין סירילונד. עדוואַרדאַ געריהרט? עדוואַרדאַ גוט-האַרציג? כ'האָב ניט געשיקט קיין ענט-פֿער. גאָט צו דאַנקען, איך בין שוין ניט געווען אָהן אַן אָבדאַך, און עס האָט מיר פֿערשאַפֿט אַ שטאָלצע פֿרייד צו קענען איגנאָרי-רען עדוואַרדאַ'ס אָנבאָט. כ'האָב איהר בעגעגענט אויף'ן וועג מיט'ן באַראָן, זיי זיינען געגאַנגען אָרם אין אָרם; כ'האָב זיי ביידען אַריינ-געקוקט גלייך אין געזיכט אַריין און זיי פֿערביינעהענדיג בעגריסט. זי האָט זיך אָבגעשטעלט און געפֿרעגט:

„וואָס זשע, איהר ווילט ניט וואוינען ביי אונז, הערר לייטענאַנט?"

„מיין נייע וואוינונג איז שוין פֿאַרטיג," האָב איך געענטפֿערט און בין אויך געבליבען שטעהן.

זי האָט מיך אָנגעקוקט; איהר ברוסט האָט זיך געהויבען אַרויף און אַראָב.

„אייך וואָלט דאָך ביי אונז אויך קיין לייד ניט געשעהן," האט זי געזאָגט.

ביי מיר אין האַרצען האָט זיך עפּעס אַ ריהר געטהאָן אַזוי ווי אַ דאַנק; נאָר כ'האָב קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסברייננגען פֿון מויל.

דער באַראָן איז לאַנגזאַם געגאַנגען ווייטער.

„איהר ווילט מיך פֿילייכט איצט מעהר אין די אויגען ניט זעהן?" פֿרעגט זי.

„כ'דאַנק אייך, פֿרייליין עדוואַרדאַ, וואָס איהר האָט מיר אָנגעבאָטען אַן אָבדאַך, ווען מיין שטיבעל איז אָבגעברענט געוואָרען," האָב איך געזאָגט. „דאָס איז געווען זעהר איידעל פֿון אייך, בעזונדערס אַז דאָס איז געשעהן כמעט אָהן אייער פֿאָטער'ס צושטימונג." און מיט אַ הוילען קאָפּ האָב איך איהר געדאַנקט פֿאַר איהר אָנבאָט.

„אום גאָטעס ווילען, איהר ווילט מיך שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן, גלאַהן?" האָט זי זיך מיט איין מאָל אָבגערופֿען.

דער באַראָן האָט אַ רוף געטהאָן.

„דער באַראָן רופֿט," האָב איך געזאָגט און ווידער אַרונטערגענומען די מיץ.

אין איך בין אַוועק אויף די בערג צו מיין מינע. קיין זאַך, קיין זאַך האָט שוין מעהר ניט געקענט ווירקען אויף מיר. כ'האָב בעגעגענט עוואַ'ן. נאַ, דו זעהסט שוין! האָב איך זיך אָבגערופֿען, הערר מאַק קען מיך ניט פֿערטרייבען. ער האָט פֿערברענט מיין שטיבעל, און איך האָב שוין אַן אַנדער שטיבעל... זי האָט געטראָגען אַ בערשטעל און אַן עמער מיט סמאָלע. וואָס איז דאָס, עוואַ?

הערר מאַק האָט אַוועקגעלייגט אַ שיפֿעל דאָרט אויף'ן פּלאַץ אונטער'ן פֿעלז און אַצונד הייסט ער איהר, זי זאָל עס אָנשמירען מיט סמאָלע. ער האָט איהר נאָכגעקוקט יעדען טריט, זי האָט געמוזט פֿאָלגען.

אָבער פֿאַרוואָס עפּעס גראָד אויף'ן פּלאַץ אונטער'ן פֿעלז? פֿאַרוואָס ניט אויף דער לאַנדונגס־בריק?

הערר מאַק האָט אַזוי בעפֿוילען...

עוואַ, עוואַ, געליעבטע, מען מאַכט דיך פֿאַר אַ שקלאַפֿין, און דו בעקלאָגסט זיך גאָרנישט. זעה, אָט שמייכעלסט דו שוין ווידער, און דאָס לעבען קאָכט און זידט אַרויס פֿון דיין שמייכעל, כאָטש דו ביסט אַ שקלאַפֿין!

אַז איך בין צוגעקומען צו מיין מינע, בין איך געבליבען שטעהן אַן איבערראַשטער. כ'האָב געזעהן, אַז מענשען זיינען דאָ געווען אויף דעם פּלאַץ, כ'האָב אונטערזוכט די שפּורען אין די שטיינדלאַך און האָב דערקענט דעם אָבדרוק פֿון הערר מאַק'ס לאַנגע, שפּיציגע שיך. וואָס זוכט ער דאָ אַרום? האָב איך געטראַכט און זיך אומגעקוקט. קיינער איז ניט געווען צו זעהן. קיין חשד האָט זיך אין מיר ניט דערוועקט.

און איך האָב זיך אַנידערגעזעצט מינעווען ווייטער, ניט האָ־בענדיג קיין אַהנונג, וואָס פֿאַר אַ וואַהנזין איך האָב בעגאַנגען.

---

## XXXII.

דאָס פּאָסט־שיף איז געקומען, עס האָט מיר געבראַכט מיין אוניפאָרם, עס האָט אויך געזאָלט אויפנעהמען אויף זיך דעם באַראָן און אַלע זיינע קאַסטענס מיט מושעלס און פערשיעדענע ים־זאַכען. איצט האָט עס אָנגעלאָדען אין זיך פּעסער מיט הערינג און פיש־פּעטס ; אָבענד־צייט האָט עס געזאָלט אָבגעהן.

כ'נעהם מיין ביקס און לאָד איהם אָן מיט אַסך פולווער. צז איך האָב דאָס אָבגעטהאָן, שאָקעל איך פאַר זיך צו מיט'ן קאָפּ. כ'געה אַוועק אין די בערג און פּיל אויך אַן מיין מינע מיט פולווער כ'שאָקעל ווידער מיט'ן קאָפּ. אַצונד איז אַלעס געווען גרייט. כ'ליי זיך אַנידער און וואַרט.

שטונדען־לאַנג האָב איך געוואַרט. די גאַנצע צייט האָב איך געהערט, ווי דאָס שיף האָט געמאַכט אַ גערויש מיט די קייטען דאָרט אויף דער בריק. ס'האָט שוין אָנגעהויבען ווערן פינסטערלאַך. ענדליך דערהערט זיך אַ פּייף, די לאָדונג איז פאַרטיג, דאָס שיף געהט אָב. איצט מוז איך וואַרטען עטליכע מינוטען. די לבנה איז נאָך ניט אויפגעגאַנגען, און איך האָב ווי אַ פערריקטער געקוקט אין דעם האַלב־דונקעלען אָבענד.

אַז דער ערשטער שפּיץ פון'ם מאַסט־בוים איז צוגעקומען צו דער אַנדער זייט אינזעל, האָב איך אָנגעצונדען מיין קנויט און האַס־טיג אָבגעטראָטען אָן אַ זייט. ס'געהט אַריבער אַ מינוט. פּלוצלינג דערהערט זיך אַ מורא'דיגער קראַך, אַ האָגעל פון שטיינדלאַך מיט אַ שפּריץ אין דער הויך, דער פעלז ווערט צוטרייסעלט, און אַ שטיינערנע מאַסע קייקעלט זיך דונערענדיג ארונטער אין אָבגרונד.

פֿון די בערג אַרום קומט אַ ווידער־קלאַנג. כ'נעהם מיין ביקס און שיס אויס איין מאָל; דער ווידער־קלאַנג ענטפֿערט אָב עטליכע מאָל. אין אַ רגע אַרום שיס איך אויס אַ צווייטען מאָל; די לופֿט ווערט פֿערציטערט פֿון מיין בעגריסונגס־שאָס, און דער ווידער־קלאַנג האָט אַרויסגעשליידערט דעם ליאַרם אין די ווייטע וועלט; ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי אַלע בערג וואָלטען זיך צונויפֿגענומען, כדי צו בעגלייטען דעם פֿערבייפֿאָהרענדען שיף מיט זייער מעכטיגען גערויש. ס'געהט אַריבער אַ קורצע ווײַלע, די לופֿט ווערט ווידער שטיל, דער ווידער־קלאַנג שווייגט אין אַלע בערג, און די ערד ליגט ווייטער שטיל ווי געווען. דאָס שיף פֿערשווינדט אין דעם האַלב־דונקעל.

איך ציטער נאָך און בין אין אַ מאָדנער שפּאַנונג; כ'נעהם מיינע בויערער און מיין געוועהר און מיט בויגענדע קניע לאָז איך מיך אַרונטער פֿון באַרג. כ'נעהם דעם קירצסטען וועג, לאָז ניט אַרויס פֿון אויג די רויכענדע שפּור, וואָס מיין אויפֿרייסונג האָט אי־בערגעלאָזט. עזאָפּ געהט די גאַנצע צייט און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ניסט פֿון'ם שרפֿה'נדען גערוך.

אַז איך בין אַרונטערגעקומען אונטען צום שיפֿעל־פּלאַץ, האָב איך דערזעהן אַ בילד, וואָס האָט מיך מורא'דיג צוטרייסעלט: אַ שיפֿעל איז געלעגען צושמעטערט פֿון דעם אַרונטערגעפֿאַלענעם פֿעלז־שטיק, און עוואַ, עוואַ איז געלעגען לעבען דעם אַ צוריבענע, אַ צו־ריסענע, די זייט און דער בויך אַזוי אויפֿגעריסען, אַז עס איז איהר ניט געווען מעהר צו דערקענען. עוואַ איז געלעגען טויט אויף'ן שטעל.

---

## XXXIII.

וואָס האָב איך נאָך צו שרייבען? עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָב איך קיין איין שאָס ניט אָבגעפֿייערט; כ'האָב גאָרנישט געהאַט וואָס צו עסען, און איך האָב אויך ניט געגעסען; כ'בין געזעסען אין מיין אָרם, קלעגליך שטיבעל. עוואַ'ן האָט מען אין הערר מאַק'ס וויים־געפֿאַרבטען הויז־שיפֿעל אָבגעפֿיהרט אין קירכע, כ'בין אַריבער אַהין און האָב זיך געפֿונען ביים קבר...

עוואַ איז טויט. געדיינקסט דו נאָך איהר קליינעם מיידעל־קאָפּ מיט די האָר ווי אַ נאָנע? זי פֿלעגט קומען אַזוי שטיל, פֿלעגט אָבלייגען איהר משא און שמייכלען. און צי האָסט דו געזעהן, ווי דאָס לעבען האָט אין דעם דאָזיגען שמייכעל געקאָכט און געזאָטען? זיי שטיל, עזאָפּ, ס'קומט מיר אַרויף אויף'ן זינען אַ מערקווירדיגע לעגענדע, וואָס איז שוין פֿיער מענשען־דורות אַלט, פֿון איזעלין'ס צייטען, ווען סטאַמער איז געווען אַ פּריסטער.

אַ מיידעל איז געזעסען געפֿאַנגען אין אַ געמויערטען טהורם. זי האָט ליעב געהאַט אַ פּריץ. פֿאַרוואָס? פֿרעג דעם ווינד און די שטערען, פֿרעג דעם גאָט פֿון לעבען; וואָרים קיין אַנדערער ווייסט ניט פֿון אַזעלכע זאַכען. און דער פּריץ איז געווען איהר פֿריינד און איהר געליעבטער; אָבער די צייט איז אַריבער, און אין אַ שעהנעם טאָג האָט ער דערזעהן אַן אַנדערע, און דער מוח האָט זיך איהם איבערגעקעהרט.

ווי אַ אינגעל האָט ער ליעב געהאַט זיין מיידעל. ער האָט זי אָפּט גערופֿען זיין גליק און זיין טויב, און זי האָט אַ הייסען, רווישענדען בוזים געהאַט. ער האָט געזאָגט: גיב מיר דיין האַרץ! און

זי האָט עס געטהאָן, ער האָט געזאָגט: קען איך ביי דיר עפּעס בעטען, געליעבטע? און בערוישט האָט זי געענטפערט יאָ. זי האָט איהם אַלצדינג געגעבען, און ער האָט איהר דאָך ניט געדאַנקט דערפאַר.

די אַנדערע האָט ער געליעבט ווי אַ שקלאַף, ווי אַ וואַהנזיני־גער און ווי אַ בעטלער. פאַרוואָס? פרעג דעם שטויב אויף'ן וועג און דאָס בלאַט, וואָס פאַלט אַראָב פון בוים, פרעג דעם לעבען'ס רעטזועלהאַפטען גאַט; וואָרים קיין אַנדערער ווייסט ניט פון אַזעלכע זאַכען. זי האָט איהם גאָרנישט געגעבען, ניין, גאָרנישט האָט זי איהם געגעבען, און ער האָט איהר פונדעסטוועגען דאָך געדאַנקט. זי האָט געזאָגט: גיב מיר דיין פריעדען און דיין פערשטאַנד! און ער האָט זיך בלויז מצער געווען, וואָס זי האָט ניט ביי איהם זיין לעבען געבעטען.

און זיין מיידעל איז אַריינגעזעצט געוואָרען אין טהורם...

וואָס טהוסט דו, מיידעל, דו זיצסט גאָר און שמייכעלסט?

איך טראַכט וועגען עפּעס, וואָס האָט געטראָפען מיט צעהן יאָהר צוריק. דאַן האָב איך זיך מיט איהם בעגעגענט.

דו דיינקסט נאָך פון איהם?

איך דיינק נאָך פון איהם.

און די צייט פערגעהט...

וואָס טהוסט דו, מיידעל, און פאַרוואָס זיצסט דו און שמייכעלסט?

כ'נעה אויס זיין נאָמען אויף אַ טיכעל.

וועמעס נאָמען? דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט דיך איינ־געשפּאַרט?

יאָ, דעם נאָמען פון דעם, מיט וועמען איך האָב זיך פאַר צוואַנציג יאָהרען בעגעגענט.

דו דיינקסט נאָך פון איהם?

איך דיינק פון איהם אַזוי ווי פריהער.

און די צייט פערגעהט...

וואָס טהוסט דו, געפאַנגענע?

כ'ווער אַלט און זעה שוין מעהר ניט ווי צו נעהען, כ'קראַץ אַראָב דעם קאַלך פון דער וואַנד. פון'ם קאַלך קנעט איך אויס אַ קריגעל פאַר איהם, אַ קליינע מתנה פאַר איהם.

פון וועמען רעדסט דו?

פון מיין געליעבטען, וואָס האָט מיך פערשפּאַרט אין טהורם.

וואָס זשע, דו שמייבעלסט גאָר דעריבער, וואָס ער האָט דיך איינגעשפּאַרט?

כ׳קלעהר וועגען דעם, וואָס ער וועט פּאָרט זאָגען דערצו. איי, איי, וועט ער זאָגען, מיין געליעבטע האָט מיר געשיקט אַ קליין קריגעלע, זי האָט מיך אין דרייסיג יאָהר ניט פערגעסען.

און די צייט פערגעהט...

וואָס זשע, געפאַנגענע, דו זיצסט און טהוסט גאָרנישט, און דו שמייבעלסט?

כ׳ווער אַלט, כ׳ווער אַלט, מיינע אויגען זיינען בלינד, איך דיינק נור.

פון יענעם, מיט וועמען דו האָסט זיך פּאַר פערציג יאָהרען בעגעגענט?

פון יענעם, מיט וועמען איך האָב זיך בעגעגענט, ווען איך בין געווען יונג. פיליייכט איז שוין פערציג יאָהר אין דעם.

אָבער דו ווייסט דען ניט, אַז ער איז טויט? וואָס זשע, דו ווערסט בלייך, אַלטע, דו ענטפערסט ניט, דיין מויל איז וויס, דו אָטהעמסט שוין מעהר ניט...

זעהסט, דאָס איז געווען די מערקווירדיגע לעגענדע וועגען דעם מיידעל אין טהורם. וואַרט אַ ווײלע, עזאָפּ, כ׳האָב עפּעס פערגעסען: איין טאָג האָט זי דערהערט די שטימע פון איהר געליעבטען אויף׳ן הויף, און זי איז געפאַלען אויף די קניע און איז רויט געוואָרען. זי איז דאַן אַלט געווען פערציג יאָהר...

איך בין דיך מקבר, עוואַ, און קוש אין אונטערטהעניגקייט דעם זאַמד אויף דיין גרוב. אַ פולע רוויזנרויטע עראינערונג נעהמט דורך מיין נשמה, ווען איך דיינק פון דיר; כ׳בין ווי איבערפלייצט פון גליק, ווען איך דערמאָן זיך אָן דיין שמייכעל. דו האָסט געגעבען אַלצדינג, אַלעס האָסט דו געגעבען, און עס האָט דיך קיין שום אויפאָפּפערונג ניט געקאָסט; וואָרים דו ביסט געווען דעם לעבען׳ס אייגענסטעס, בערוישענדסטעס קינד. נאָר אַנדערע, וועלכע שפּאָרען און זיינען קאַרג אויף אַ בליק אפילו, זיי קענען האָבען מיין גאַנצען געדאַנק. פאַר־וואָס? פרעג די צוועלף חדשים פון יאָהר און די שיפען אויף׳ן ים, פרעג דעם האַרצען׳ס רעטזעלהאַפטען גאָט...

## XXXIV.

אַ מאַן רופֿט זיך אָב:

„וואָס זשע, איהר שיסט שוין מעהר ניט? עזאָפּ לויפֿט אַרום אַליין אין וואַלד, ער יאָגט זיך נאָך אַ האָז."

כ'האָב געענטפֿערט:

„געהט און שיסט איהם פֿאַר מיר."

עטליכע טעג זיינען אַריבער, הערר מאַק האָט מיך אויפֿגעזוכט, ער האָט געהאַט אַ פֿוסטען בליק, זיין געזיכט איז געוועזן גראָה. כ'האָב געקלעהרט ביי זיך: ווי איז דאָס, קען איך טרעפֿען, וואָס עס טהוט זיך ביי מענשען אין האַרצען אָדער ניט? איך ווייס ווירקליך ניט וואָס צו ענטפֿערן דערויף.

הערר מאַק האָט גערעדט מכח דעם אַרונטערפֿאַלען פֿון'ם פֿעלז, וועגען דער קאַטאַסטראָפֿע. ס'איז געוועזן אַן אונגליק, אַ טרויעריגער צופֿאַל, איך בין גאָר ניט שולדיג געוועזן אין דעם.

איך האָב געזאָגט:

„אויב עס איז געוועזן אימיצער, וואָס האָט ניט אַנדערש נאָר געוואָלט צושיידען עוואַ'ן און מיך, טאָ האָט ער דערגרייכט זיין וואונש. זאָל איהם גאָט שטראָפֿען דערפֿאַר!"

הערר מאַק האָט מיר צוגעוואָרפֿען אַ גנב'ישען, פֿערדעכטיגען בליק. ער האָט עפּעס געמורמעלט וועגען דער שעהנער לויה, ביי וועלכער ס'איז קיין זאַך ניט געשפּאָרט געוואָרען.

כ'האָב בעוואונדערט זיין גרויסע געשיקטקייט.

ער האָט ניט געוואָלט קיין שום שאָדען-ערזאַץ פֿאַר דאָס שיפֿעל, וואָס איז צושמעטערט געוואָרען בעת'ן אונגליק.

„יאָ,״ האָב איך געזאָגט, „איהר ווילט ווירקליך ניט נעהמע קיין געצאָהלט פאַר דאָס שפּיעל און פאַר׳ן עמער מיט סמאָלע, פאַר׳ן ברעשטעל...?״

„ניין, בעסטער הערר לייטענאַנט,״ האָט ער געענטפערט, „ווי קען דאָס אייך גאָר אַרויפקומען אויף׳ן זינען!״ און ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אויגען פול האַס.

דריי וואָכען צייט האָב איך עדוואַרדאַ׳ן ניט געזעהן. נאָר וואַרט — איין מאָל; כ׳האָב זי געטראָפען אין קראָם, וואו איך בין אַריינגעקומען קויפען ברויט; זי איז געשטאַנען הינטער׳ן פערקויף־טיש און האָט זיך געראָיעט אין פערשיעדענע שטאָפען. אַחוץ איהר איז קיין אַנדערער ניט געווען אין קראָם, נור די צוויי קאָמים.

כ׳האָב געגריסט הויך אויף׳ן קול, און זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן אויף מיר, נאָר זי האָט פונדעסט־וועגען ניט געענטפערט. דאָ איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז איך זאָל פאַר איהר אין די אויגען ניט פערלאַנגען קיין ברויט; כ׳האָב זיך געווענדט צו די קראָם־יונגען און פערלאַנגט גרויפען און פולווער. אין דער צייט, וואָס דאָס איז אָבגעוואויגען געוואָרען, האָב איך ניט אַראָבגענומען קיין אויג פון איהר.

אַ גראָהע און זעהר איינג קלייד מיט אָבגעריבענע קנעפּ-לעכער; די פלאַכע ברוסט האָט זיך שטאַרק געהויבען אַרויף און אַראָב. ווי זי איז דאָס אַביסעל אויסגעוואַקסען אין פערלויף פון זומער! איהר שטערן האָט געאַרבייט, אָט די מערקווירדיגע, געדרעהטע ברעמען זיינען געזעסען אין איהר געזיכט אַזוי ווי צוויי רעטענישען, אַלע איהרע בעוועגונגען זיינען עפּעס צייטיגער געוואָרען. כ׳האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהרע הענד, דער אויסדרוק אין די לאַנגע, פיינע פינגער האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלטיגע ווירקונג און האָט מיך איינפאַך צוטרייסעלט. זי האָט זיך נאָך אַלץ געראָיעט אין די שטאָפען.

כ׳בין געשטאַנען און האָב געווונשען, אַז עזאָפּ זאָל צולויפען הינטער׳ן פערקויף־טיש, גלייך צו איהר, און זאָל זי דערקענען, דאַן וואָלט איך איהם תיכף אויף׳ן שטעל אַ רוף געטהאָן צו מיר און געבעטען ענטשולדיגונג; וואָס וואָלט זי דאַן געענטפערט?

„ביטע, דאָ האָט איהר אייערע פעקלאַך!" האָט דער קאָמי גענאַגט.

כ'האָב בעצאָהלט, גענומען מיינע פעקלאַך און ווידער אַמאָל גענריסט. זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט אָבער איצט אויך ניט געענטפערט. זאָל זיין אַזוי! האָב איך זיך געטראַכט; זי איז שוין פילייכט דעם באַראָן'ס כלה. און איך בין אַוועק אָהן ברויט.

אַז איך בין געווען אויף דרויסען, האָב איך געוואָרפען אַ בליק אַרויף צום פענסטער. קיינער האָט מיר ניט נאָכגעקוקט.

---

XXXV.

דאַן איז איינמאָל בייגאַכט אַראָב דער שנעע, און ביי מיר אין שטיבעל האָט אָנגעהויבען ווערן קיהל. ס'איז אפילו געווען אן אוי־וועלע דאָרט, אויף וועלכען איך האָב געקאָכט מיין עסען, נאָר דאָס האָלץ האָט געברענט שלעכט, און דורך די ווענד האָט שטאַרק געצויגען, כאָטש איך האָב זיי פערקלעפּט, אַזוי גוט ווי איך האָב נור געקענט. דער הערבסט איז אַריבער, און די טעג זיינען געוואָרען קורץ. דער ערשטער שנעע איז נאָך צוגאַנגען אין דער זונן, און די ערד איז ווידער געלעגען אַ נאַקעטע; אָבער די נעכט זיינען געווען קאַלט, און דאָס וואַסער איז פערפרוירען געוואָרען. און דאָס גאַנצע גראָז און אַלע אינזעקטען זיינען אָבגעשטאָרבען.

אַ געהיימניספולע שטילקייט האָט זיך געלייגט איבער די מענשען, זיי האָבען זיך געגריבעלט אין זיך און געשוויגען, זייערע אויגען האָבען אַרויסגעקוקט אויף'ן ווינטער. פון'ם טרוקען־אינזעל איז שוין מעהר ניט אַריבערגעקומען קיין שום גערויש, קיין מענשען־שטימע, און דער האַפען איז זיך געלעגען רוהיג; אַלעם האָט זיך געצויגען צו דער צפון־ליכטיגער נאַכט, די זונן איז געשלאָפען אין ים. טעמפ, האַלב־פערשטיקט האָט געקלונגען דאָס רודערן פון אַן איינזאַמען שיפעל.

אַ מיידעל האָט צוגערודערט צום ברעג.

„וואו ביסט דו געווען, מיין קינד?"

„אין ערגעץ ניט."

„אין ערגעץ ניט? הער נאָר, דו, כ'דערקען דיך דאָך, זומער־צייט האָב איך זיך מיט דיר בעגעגענט."

זי קומט צו צום ברעג, געהט אַרויס אויף דער יבשה און בינדט צו דאָס שיפעל.

„דו ביסט געווען אַ פּאַסטושקע, האָסט געשטריקט אַ זאָק, איינמאָל ביינאַכט האָב איך זיך מיט דיר בעגעגענט."

אַ לייכטע רויטקייט ווייזט זיך ביי איהר אויף די באַקען, און זי לאַכט אין פערלעגענהייט.

„מיין קליינער אוצר, קום אַריין אין שטיבעל און לאָמיך דיך אָנקוקען, דו הייסט דאָך הענריעטע."

אָבער שטיל, אָהן אַ וואָרט אויסצורעדען, געהט זי מיר פערביי. דער הערבסט, דער ווינטער האָט זי געפּאַקט; שוין זיינען איהרע חושים איינגעשלאָפען.

שוין איז די זונן אַריין אין ים.

---

## XXXVI.

און צום ערשטען מאָל האָב איך אָנגעטהאָן מיין אוניפאָרם און בין אַרונטער נאָך סירילונד. מיין האַרץ האָט געקלאַפּט. כ'האָב געטראַכט מכח אַלצדינג פון יענע ערשטע טעג, ווען עדוואַרדאַ איז צוגעלאָפען צו מיר און האָט מיך פאַר אַלעמען אין די אויגען אומאַרעמט; אַצונד האָט זי מיך אַזוי פיעל מאָנאַטען נאָכאַנאַנד אַרומגעוואָרפען אַהער און אַהין און געמאַכט, אַז מיינע האָר זיינען גראָה געוואָרען. מיין אייגענע שולד? נו יאָ, מיין שטערן, מיין מזל האָט מיך פערפיהרט. כ'האָב געקלעהרט ביי זיך; ווי וועט עס איהר דערפרעהען, ווען איך וועל זיך פאַר איהר אַנידערוואַרפען אויף דער ערד און איהר היינט אַרויסגעבען דעם סוד פון מיין האַרצען. זי וועט מיר אָנבאָטען אַ שטוהל און וויין וועט זי הייסען בריינגען, און פונקט אין דער רגע, ווען זי נעהמט דאָס גלאָז צום מויל, כדי מיט מיר צו טרינקען, וועט זי זאָגען: הערר לייטענאַנט, איך דאַנק אייך פאַר דער ווײַלע, וואָס מיר זיינען געווען צוזאַמען, כ'וועל אייך קיינמאָל ניט פערגעסען! נאָר אַז איך וועל זיך דאן פרעהען און ביי מיר אין האַרצען וועט זיך יאַווען אַ שטיקעל האָפנונג, וועט זי זיך מאַכען ווי זי טרינקט און אַוועקשטעלען דאָס גלאָז אונבעריהרט. און זי וועט זיך גאָרנישט בעהאַלטען דערמיט, וואָס זי מאַכט זיך, אַז זי טרינקט; גראָד פערקעהרט, זי וועט עס מיר אַרויסווייזען. אָט אַזוי איז זי.

גוט, אָט שלאָגט באַלד די לעצטע שעה!

און אויף'ן וועג געהענדיג האָב איך ווייטער געטראַכט: מיין אוניפאָרם וועט געוויס מאַכען אַן איינדרוק אויף איהר; די עפּאָלעטען

זיינען ניי און שעהן, דאָס שווערד וועט מאַכען אַ גערויש, זיך שלעפענדיג איבער דער פאָדלאָגע. אַ נערוועזע פרייד נעהמט מיך דורך און דורך, און איך שעפטשע צו זיך אַליין: ווער וויים, וואָס עס קען נאָך געשעהן! כ'האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד. קיין ערנידעריגונג, קיין אונטערוואָרפענקייט מעהר, ביי מיין עהרע! ס'איז מיר אַלצאיינס, ווי עס געהט, כ'וועל מעהר ניט מאַכען קיין שום פערזוך זיך צו דערנעהנטערן צו איהר. ענטשולדיגט, וואָס איך שרכן זיך ניט צו אייך, שעהן פריילין...

הערר מאַק איז מיר אַנטקעגען געקומען אויף'ן הויף. זיין געזיכט איז נאָך געוועזען גראָער און זיינע אויגען נאָך פוסטער ווי דאָס פריהערדיגע מאָל.

„פאָהרען? נו יאָ, ס'איז אייך אין דער לעצטער צייט ניט צו גוט געגאַנגען דאָ, ווי? אייער שטיבעל איז אָבגעברענט געוואָרען."

און הערר מאַק האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

מיט אַמאָל איז מיר עפּעס פאָרגעקומען, אַזוי ווי איך וואָלט פאַר מיר געזעהען דעם קליגסטען מאַן אויף דער וועלט.

„געהט אַריין, הערר לייטענאַנט, עדוואַרדאַ איז אין דערהיים. יאָ, פאָהרט געזונד. פאָהרט געזונד. איבעריגענס וועלען מיר זיך נאָך מין הסתם טרעפען אויף דער לאַנדונגס-בריק, ווען דאָס שיף וועט אָבגעהן."

און ער איז אַוועק מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, פערטראַכט, פייפענדיג.

עדוואַרדאַ איז געזעסען אין צימער, זי האָט געלייענט. אַז איך בין אַריינגעקומען, איז זי אַ רגע געבליבען אַן איבעררראַשטע פון מיין אוניפאָרם, זי האָט מיך אָנגעקוקט פון דער זייט אַזוי ווי אַ פויגעל און איז זאָגאַר רויט געוואָרען. זי האָט געעפענט דאָס מויל.

„איך קום, אייך זאָגען אַדיע," האָב איך ענדליך אַרויסגעבראַכט.

זי האָט זיך מיט איין מאָל אויפגעהויבען, און איך האָב געזעהן, אַז מיינע ווערטער האָבען געמאַכט אויף איהר אַ שטיקעל רושם.

„גלאַהן, איהר ווילט אָבפאָהרען פון דאַנען? איצט?"

„אַזוי גיך ווי דאָס שיף קומט." כ'נעהם אַן איהר האַנד, איהרע

ביידע הענד, אַ נאַרישע ענטציקונג בעהערשט מיך, איך שריי אויס: „עדוואַרדאַ!" און קוק זי אָן.

און אין דער זעלבער רגע איז זי קאַלט, קאַלט און צו-להכעיס'-דיג. אַלעס אין איהר האָט מיר געטהאָן צו להכעיס, זי האָט זיך אויסגעשטרעקט אין איהר גאַנצער הויך. איך בין געשטאַנען פאַר איהר ווי אַ בעטלער, כ'האָב אָבגעלאָזען איהרע הענד און זי בע־פרייט. כ'קען זיך נאָך דערמאָנען, אַז איך בין פון דער רגע אָן געשטאַנען און האָב מעכאַניש איבערגעזאָגט: עדוואַרדאַ! עד־וואַרדאַ! עטליכע מאָל, גאָר ניט נאָכדיינקענדיג דעריבער; און אַז זי האָט מיר ענדליך אַ פרעג געטהאָן: „יאָ, וואָס ווילט איהר זאָגען?" האָב איך גאָרנישט געענטפערט דערויף.

„זעהט, איהר פאָהרט שוין טאַקע אָב!" האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט. „ווער ווייסט אַלזאָ קומען איבער־אַ־יאָהר?"

„אַן אַנדערער," האָב איך געענטפערט. „דאָס שטיבעל ווערט דאָך צוריק אויפגעבויט."

פויזע. זי האָט זיך שוין גענומען צו איהר בוך.

„איך בעדויער, וואָס מיין פאָטער איז ניט אין דערהיים," האָט זי געזאָגט. „אָבער איך וועל איהם אָבגעבען אַ גרוס פון אייערטוועגען."

דערויף האָב איך ניט געענטפערט. כ'בין צוגעגאַנגען אַביסעל נעהענטער, האָב נאָך אַמאָל אָנגענומען איהר האַנד און געזאָגט:

„יאָ, זייט געזונד, עדוואַרדאַ."

„פאָהרט געזונד," האָט זי געענטפערט.

כ'האָב געעפענט די טהיר און זיך געמאַכט, ווי איך געה אַרויס. שוין איז זי געזעסען מיט'ן בוך אין דער האַנד, און זי האָט געלייענט, ווירקליך געלייענט און געמישט די בלעטער. מיין געזעגענען זיך האָט אויף איהר ניט געמאַכט קיין איינדרוק, גאָר קיין איינדרוק ניט.

כ'האָב אַ הוסט געטהאָן.

זי האָט זיך אומגעקעהרט און איבערראַשט געזאָגט:

„וואָס זשע, איהר זייט נאָך דאָ? מיר האָט זיך געדוכט, אַז איהר זייט שוין אַוועק."

גאָט אַליין קען עס וויסען, נאָר איהר איבערראַשונג איז גע־ווען צו גרויס, זי האָט גאָר ניט געהאַט בדעה זיך אויסהיטען פאַר

מיר, נאָר פערקעהרט, זי האָט נאָך איהר ערשטוינונג געמאַכט גרעסער, ווי עס האָט אין דער ווירקליכקייט געקענט זיין, און מיר איז אַרויף אַ געדאַנק אויף'ן זינען, אַז זי האָט אפשר גאָר די גאַנ-צע צייט געוואוסט, אַז איך בין געשטאַנען הינטער איהר.

„אַצונד וועל איך געהן," האָב איך געזאָגט.

דאָ האָט זי זיך אויפגעהויבען און איז צוגעקומען צו מיר.

„כ'וואָלט גערן געוואָלט האָבען אַן אָנדיינקען, אַן עראינערונג אָן אייך, אויב איהר פאָהרט איצט אָב," האָט זי געזאָגט. „כ'האָב געהאַט אין זינען ביי אייך בעטען עפּעס, נאָר דאָס איז דאָך צו־פיעל. ווילט איהר מיר געבען עזאָפ'ן ?"

כ'האָב זיך ניט בעטראַכט, נאָר איינפאַך געענטפערט יאָ.

„דאַן וועט איהר מיר איהם פּילייכט מאָרגען קענען ברייננגען," האָט זי געזאָגט.

כ'בין אַרויסגעגאַנגען.

כ'האָב אַרויפגעקוקט צום פענסטער. קיינער איז דאָרט ניט געווען.

אַצונד איז אַלעס געווען פערביי...

די לעצטע נאַכט אין שטיבעל. כ'האָב זיך געגריבעלט אין זיך ; כ'האָב געצעהלט די שטונדען ; אַז עס איז געוואָרען טאָג, האָב איך צוגעגרייט מיין לעצטע מאָהלצייט. ס'איז געווען אַ קאַל-טער טאָג.

פאַרוואָס האָט זי מיך געבעטען, איך זאָל איהר אַליין בריינ־גען דעם הונד ? האָט זי געוואָלט מיט מיר ריידען, מיר צום לעצ-טען מאָל עפּעס זאָגען ? כ'האָב שוין מעהר גאָרנישט געהאַט וואָס צו ערוואַרטען. און ווי וועט זי בעהאַנדלען עזאָפ'ן ? עזאָפ, עזאָפ, זי וועט דיך מוטשען ! צוליעב מיר וועט זי דיך שמייסען, אפשר אויך לאַסטשען און גלעטען, אָבער יעדענפאַלס וועט זי דיך שמיי־סען, ווען מען דאַרף און ווען מען דאַרף ניט, און דיך שלאָגען צום טויט......

כ'האָב אַ רוף געטהאָן עזאָפ'ן צו מיר, איהם געגלעט, צו־נויפגעלייגט אונזערע קעפּ צוזאַמען און גענומען מיין ביקס אין דער האַנד. פאַר פרייד האָט ער שוין אָנגעהויבען וואויען און האָט

געמיינט, אַז מיר געהען אַרוים אויף דער יאַגד. כ'האָב ווידער צונויפ־געלייגט אונזערע קעפ צוזאַמען, אָנגעשטעלט דעם ביקס מיט'ן מויל אויף עזאָפּ'ס נאַקען און אָבגעדריקט.

כ'האָב געדונגען אַ מאַן, וועלכער האָט אַוועקגעטראָגען עזאָפּ'ס טויטען קערפּער צו עדוואַרדאַ'ן.

---

אין פערלויף פון נאָכמיטאָג האָט דאָס פּאָסט-שיף געזאָלט אָבגעהן.

איך בין אַרונטער צו דער לאַנדונגס-בריק, מיינע זאַכען זיינען שוין געווען אויף'ן שיף. הערר מאַק האָט מיר געדריקט די האַנד און מיר געגעבען מוטה, זאָגענדיג, אַז איך וועל האָבען אַ גוט וועטער, אַן אַנגענעהם וועטער, ער וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, אַליין צו מאַכען אַ רייזע ביי אַזאַ וועטער. דער דאָקטאָר איז געקומען, און עדוואַרדאַ מיט איהם; כ'האָב געפיהלט, אַז מיינע קניע הויבען אָן ציטערן.

„מיר ווילען דאָך אייך בעגלייטען ביז'ן שיף," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

און איך האָב געזאָגט אַ דאַנק.

עדוואַרדאַ האָט מיר אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים אַריין און געזאָגט:

„כ'מוז אייך אָבגעבען אַ דאַנק פאַר אייער הונד." און דערביי האָט זי פערשלאָסען דאָס מויל. די ליפּען זיינען געווען וויים.

„ווען געהט אָב דאָס שיף?" האָט דער דאָקטאָר אַ פרעג געטהאָן אַ מאַן.

„אין אַ האַלב שעה אַרום."

איך האָב גאָרנישט געזאָגט.

עדוואַרדאַ האָט זיך געדרעהט אַן אויפגערעגטע אַהין און אַהער.

„דאָקטאָר, מיינט איהר ניט, אַז מיר קענען שוין געהן אַהיים?" האָט זי געפרעגט. „איך האָב געטהאָן, וואָס מיין געשעפט איז געווען."

„איהר האָט בעזאָרגט אייער געשעפט," האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען.

זי האָט זיך געפֿיהלט ערנידעריגט דורך זיינע אייביגע אויסבע-
סערונגען, נאָר זי האָט כלומר'שט געלאַכט און געענטפֿערט:

„נו יאָ, ס'איז דען ניט אונגעפֿעהר דאָסזעלבע, וואָס איך האָב
געזאָגט?"

„ניין," האָט ער געענטפֿערט קורץ און שאַרף.

כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף איהם. דער קליינער מאַן איז
געשטאַנען קאַלט און פֿעסט; ער האָט זיך געמאַכט אַ פּלאַן און
געהאַנדעלט לויט דעם ביז אויף דאָס סאַמע לעצטע. און אַשטייגער
אַז ער זאָל ניט קוקענדיג דערויף דאָך פֿערלירען? וואָלט ער עס
דאָך ניט אַרויסגעוויזען; זיין געזיכט האָט זיך קיינמאָל ניט פֿער-
צויגען.

ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פֿינסטערלאַך.

„נו, זייט מיר געזונד," האָב איך זיך אָבגערופֿען, „און אַ
דאַנק פֿאַר יעדען טאָג!"

עדוואַרדאַ האָט מיך אָנגעקוקט, ניט אויסריידענדיג קיין האַל-
בען וואָרט. דערנאָך האָט זי אָבגעקעהרט דעם קאָפּ און איז גע-
בליבען שטעהן און געקוקט צום שיף.

כ'בין אַריין אין דעם קליינעם שיפֿעל. עדוואַרדאַ איז נאָך גע-
שטאַנען ביים האַפֿען. אַז איך בין שוין געווען אויף'ן שיף, האָט
דער דאָקטאָר אַ געשריי געטהאָן: „פֿאָהרט געזונד!"

כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף דער יבשה; אין דערזעלבער
רגע האָט זיך עדוואַרדאַ אומגעדרעהט און איז אַוועק פֿון האַפֿען,
אַהיים; זי איז געגאַנגען האַסטיג, דער דאָקטאָר איז געווען אַ
היבשע שטרעקע הינטער איהר.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע, וואָס איך האָב פֿון איהר געזעהן.

אַ כוואַליע פֿון טיפֿען שמערץ איז מיר אַריבער איבער'ן
האַרצען...

דאָס שיף האָט אָנגעהויבען געהן; כ'האָב נאָך געזעהן הערר
מאַק'ס שילד: סקלאַד פֿון זאַלץ און ליידיגע פֿעסער; אָבער
באַלד איז עס פֿערשוואונדען. די לבנה און די שטערען זיינען אַרוים-
געקומען, די בערג האָבען זיך אויפֿגעהויבען אַרום און אַרום, און
איך האָב געזעהן די וועלדער אָהן אַ סוף. ד אָ ר ט שטעהט די

מיהל, דאָרט, דאָרט איז געווען מיין שטיבעל, וואָס איז אָב-
געברענט געוואָרען; דער הויבער, גראָער שטיין שטעהט איינזאַם
אויף דעם בראַנד-פּלאַץ. איזעלין, עוואַ...
די צפון-ליכטיגע נאַכט שפּרייט זיך אוים איבער באַרג און טהאָל.

---

## XXXVIII.

דאָס אַלעס האָב איך געשריבען, כדי מיר די צייט צו פֿער־טרייבען. ס'האָט מיר פֿערשאַפֿט פֿערגניגען זיך צו דערמאָנען אָן דעם זומער אין צפון-לאַנד, ווייל איך פֿלעג דאָרט אָפֿטמאָל צעהלען די שטונדען, און די צייט איז פֿונדעסטוועגען פֿאָרט פֿערפֿלויגען. אַצונד האָט זיך אַלעס געענדערט, די טעג ווילען זיך גאָרניט ענדיגען.

ס'מאַכט זיך מיר אָפֿט, אַז איך האָב אַ לוסטיגע שעה, נאָר די צייט, די שטעהט אויף אַן אָרט,- און איך קען גאָר ניט בעגריי־פֿען, ווי אַזוי זי קען שטעהן אַזוי אויף אַן אָרט. איך בין אַ צוריק־געצויגענער מיליטער־מאַן, און פֿריי ווי אַ קעניג, אַלעס געהט גוט, כ'קום זיך צונויף מיט מענשען, פֿאָהר אין וואָגען; צייטענווייז פֿער־מאַך איך איין אויג און הויב אויף דעם צייג־פֿינגער צום הימעל, כ'קיצעל דער לבנה אונטער דער מאָרדע, און מיר דוכט זיך, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געלאַכט, פֿון גאַנצען האַרצען געלאַכט פֿאַר נאַ־רישער פֿרייד, וואָס מען קיצעלט איהר אונטער דער מאָרדע. אַלעס שמייכעלט. איך עפֿען אַ פֿלאַש, די פּראָפּקע שפּרינגט אַרויף מיט אַ קנאַק אין דער לופֿטען, און איך רוף פֿרעהליכע מענשען צום טרונק.

וואָס איז שייך צו עדוואַרדאַ'ן, דיינק איך ניט פֿון איהר. פֿאַר־וואָס זאָל איך זי דען ניט האָבען אין גאַנצען פֿערגעסען אין אָט דער לאַנגער צייט? נישקשה, כ'האָב נאָך עהרען־געפֿיהל אין זיך. און טאָמער פֿרעגט מיך אימיצער, צי איך האָב וואָס פֿאַר עס איז זאָרגען, ענטפֿער איך מיט איין מאָל ניין, איך האָב ניט קיין זאָרגען...

קאָראַ ליגט און קוקט מיך אָן, דער זייגער שטעהט אויף'ן קאַמין און קלאַפּט זיך זיין טיק־טיק, דורך מיינע אָפֿענע פֿענסטער קומט אַריין דער ליאַרם פֿון דער שטאָדט. מען קלאַפּט אָן אין טהיר,

און דער פּאָסט־טרעגער דערלאַנגט מיר אַ בריעף. דער בריעף טראָגט אויף זיך אַ קרוין. כ׳ווייס, פון וועמען עס איז; כ׳פערשטעה עס גלייך אויף׳ן שטעל, אָדער פּיליכט האָט זיך עס מיר גע׳חלום׳ט. נאָר אין בריעף שטעהט גאָרנישט געשריבען, עס ליגען בלויז צוויי גרינע פויגעל־פעדערן אין איהם.

אַן אייזיגע מורא נעהמט מיך דורך, ס׳ווערט מיר קאַלט. צוויי גרינע פויגעל־פעדערן! זאָג איך צו מיר אַליין. נו, וואָס טהוט מען דערמיט! אָבער פאַרוואָס ווערט מיר קאַלט? זעה נור, פון די פענסטער דאָרט קומט אַ פערדאַמטער צוג.

און איך פערמאַך די פענסטער.

דאָ ליגען אַלזאָ צוויי פויגעל־פעדערן, טראַכט איך ווייטער; מיר דוכט, איך דאַרף זיי קענען, זיי דערמאָנען מיר אָן אַ קליינעם שפּאַס אויבען אין צפון לאַנד, אָן אַזאַ קליינער פּאַסירונג צווישען אַ־ך אַנדערע פּאַסירונגען; וואָס פאַר אַ זעלטענער פערגניגען עס איז געווען, זיך ווידער צו זעהן מיט די צוויי פעדערן! און פלוצלינג קומט מיר פאָר, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געזעהן אַ געזיכט און געהערט אַ שטימע; און די שטימע זאָגט: ביטע, העער לייטענאַנט, דאָ האָט איהר אייערע פויגעל־פעדערן......

אייערע פויגעל־פעדערן......

קאָראַ, שטיל זאָלסט דו מיר ליגען, דו הערסט? כ׳דערשלאָג דיך אויף טויט, אַז דו וועסט זיך ריהרען פון אָרט! דאָס וועטער איז וואַרם, ס׳איז אַן אונערטרעגליכע היץ; וואָס איז דאָס פאַרט געווען פאַר אַן איינפאַל פון מיר צו פערמאַכען די פענסטער! אויף מיט די פענסטער, אויף מיט דער טהיר, אַהער, איהר פרעהליכע מענשען, קומט אַריין! היי, דיענער, ווילט איהר געהן פאַר מיר אַ גאַנג...

דאָס אַלעס האָב איך געשריבען בלויז פון מיין פערגניגען וועגען, און איך האָב מיך דערביי אַמוזירט, אַזוי גוט ווי ס׳האָט זיך געלאָזט. קיין שמערץ, קיין קומער דריקט ניט מיין האַרץ, ס׳ציהט מיך נור אַוועק, אַוועק; וואוהין ווייס איך ניט, נאָר וויט אַוועק, פּיליכט קיין אַפריקאַ, קיין אינדיען; וואָרים איך געהער צו די וועלדער און צו דער איינזאַמקייט.

## I.

די פֿאַמיליע גלאַהן קען אַרויסלאָזען וויפֿיעל אויפֿרופֿען זי וויל אין די צייטונגען מכח דעם פֿערשוואונדענעם לייטענאַנט טהאָמאַס גלאַהן ; ער וועט שוין קיינמאָל ניט צוריקקומען, וואָרים ער איז טויט, און איך וויים אפילו, ווי אַזוי ער איז געשטאָרבען.

עהרליך גערעדט, וואונדערט מיך גאָר ניט, פֿאַרוואָס זיין פֿאַמיליע האַלט אַזוי אין איין נאָכפֿאָרשען נאָך איהם ; וואָרים טהאָמאַס גלאַהן איז אין אַסך פּרטים געוועןן אַן אונגעוועהנליכער, יאָ, אַ בעליעבטער מאַן. דאָס בין איך מודה, פֿון גערעכטיגקייט וועגען, און דאָס, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב איהם נאָך איצט פֿיינט און די עראינערונג אָן איהם דערוועקט מיין האַס. ער האָט אויסגעזעהן גרויסאַרטיג, איז געוועזן פֿול מיט יוגענד און האָט געהאַט אין זיך אַ פֿערפֿיהרערישע קראַפֿט. אַז ער פֿלעגט אימיצען אָנקוקען מיט זיין הייסען בליק פֿון אַ חיה, האָט מען געמוזט דערפֿיהלען זיין מאַכט, זאָגאַר איך האָב זי געפֿיהלט. אַ דאַמע, הייסט עס, האָט וועגען איהם אַמאָל געזאָגט : אַז ער גיט אַ קוק אויף מיר, ווער איך אַ צומישטע ; איך פֿיהל בעת מעשה, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט מיך אָנגעריהרט.

אָבער טהאָמאַס גלאַהן האָט זיך געהאַט זיינע פֿעהלערן, און איך האָב ניט בדעה זיי צו האַלטען בסוד, מחמת איך האָב איהם פֿיינט. צייטענווייז האָט ער זיך געקענט נאַריש מאַכען ווי אַ קינד, אַזוי פֿריינדליך איז ער געוועזן, און פֿילייכט האָט זיך דאָס דערפֿון טאַקע גענומען, וואָס ער פֿלעגט אַזוי בעצויבערן די פֿרויען, ווער קען עס וויסען ? ער האָט געקענט זיצען און פּלוידערן מיט די פֿרויען און לאַכען און גאָר אָנקוועלען פֿון זייער פּוסטען אונזינן, דערפֿאַר

האָט ער געמאַכט אויף זיי אַן איינדרוק. ער האָט אַמאָל געזאָגט וועגען
אַ זעהר פֿולען און דיקען מאַן אין שטאָדט, אַז ער זעהט אויס, אָקוּ-
ראַט ווי ער וואָלט געהאַט פֿולע הויזען מיט שמאַלץ, און איבער
דעם דאָזיגען וויץ האָט ער אַליין געלאַכט, כאָטש איך וואָלט זיך גע־
שעהמט דערמיט. שפּעטער, ווען מיר האָבען געוואוינט צוזאַמען אין
איין הויז, האָט ער אַרויסגעוויזען זיין קינדעריי גאָר אָפֿען: מיין
בעל הבית'טע איז איין פֿריהמאָרגען אַריינגעקומען צו מיר אין צי־
מער און האָט געפֿרעגט, וואָס איך וויל האָבען אויף אָנבייסען, און
אין איילעניש האָב איך געענטפֿערט: אַן איי און אַ פענעצעל ברויט.
טהאָמאַס גלאַהן איז גראָד געזעסען ביי מיר אין צימער — ער האָט
געוואוינט אויף'ן בוידים איבער מיר, האַרט אונטער'ן דאַך — און
ער האָט אָנגעהויבען ווי אַ קינד צו לאַכען איבער דעם דאָזיגען אונ־
בעדייטענדען אויסדרוק און זיך צו פֿרעהען דערמיט. אַן איי און אַ
פענעצעל ברויט! האָט ער כסדר געהאַלטען אין איין איבערזאָגען,
ביז וואַנען איך האָב געגעבען אַן ערשטוינטען קוק אויף איהם, איז
ער אַנשוויגען געוואָרען.

אפשר וועלען מיר שפּעטער אַרויפֿקומען אויף'ן זינען נאָך מעהר
לעבערליבע מאַניערען זיינע, און אין דעם פֿאַל וועל איך זיי אויך
בעשרייבען און איהם ניט שאַנעווען, מחמת איך בעטראַכט איהם
נאָך אַלץ פֿאַר מיין שונא. פֿאַרוואָס זאָל איך עפּעס זיין איידעל-מוט־
היג אַנטקעגען איהם? נאָר דעם אמת וויל איך צוגעבען, אַז נאַ־
רישקייטען האָט ער געפּלאַפּעלט בלויז דאַן, ווען ער איז געווען שכור,
און אין ביידע אויבענדערמאָנטע פֿעלע איז ער געווען שטאַרק פֿער־
קנאַקט. אָבער איז דען שכרות אַן און פֿאַר זיך אַליין שוין ניט אַ
גרויסער פֿעהלער?

אין הערבסט 1859, ווען איך האָב זיך מיט איהם צונויפֿגע־
טראָפֿען, איז ער געווען אַ מאַן פֿון צוויי און דרייסיג יאָהר, מיר זיי־
נען ביידע געווען אין איין עלטער. ער האָט דעמאָלט געהאַט אַ באָרד
און געטראָגען וואָלענע יאַגד-העמדער, וועלכע זיינען געווען שטאַרק
אויסגעשניטען, און פֿונדעסטוועגען פֿלעגט זיך נאָך מאַכען, אַז ער
פֿלעגט נאָך דערצו ניט צושפּילען דעם אויבערשטען קנאָפּ. זיין האַלז
איז מיר תחילת פֿאָרגעקומען אויסערגעוועהנליך שעהן, אָבער אין אַ

קורצער צייט אַרום האָט ער מיך געמאַכט פֿאַר זיין דם שׂונא, און דאַן האָב איך שוין ניט געקענט איינזעהן, מיט וואָס זיין האַלז איז דאָס שעהנער איידער מיינער, כאָטש איך האָב ניט געמאַכט אַזאַ וועזען פֿון איהם און איהם ניט אַרויסגעשטעלט מיט אַזאַ ברייטקייט פֿאַר דער וועלט. איך האָב גלאַהן'ן געטראָפֿען צום ערשטען מאָל אויף אַ טייך־שיפֿעל און בין געפֿאָהרען אויף דער יאַגד אין דעם זעלבען אָרט וואָס ער; מיר האָבען אָבגעמאַכט, אַזוי גיך ווי מיר וועלען אַרויף אויף דער יבשה גלייך אינאיינעם צו פֿאָהרען מיט אַן אָקסען־וואָגען, אויב די אייזענבאַהן וועט אונז ניט קענען פֿיהרען ווייטער, כ'מייד מיט אַ כיוון אוים צו דערמאָנען דעם אָרט, וואוהין מיר זיינען געפֿאָהרען, כדי קיינער זאָל ניט קענען קומען אויף די שפּור; אָבער די פֿאַמיליע גלאַהן מעג גאַנץ רוהיג אויפֿהערען אַרויסלאָזען אַנאָנסען און אויפֿרופֿען וועגען איהר קרוב; וואָרים ער איז געשטאָרבען דאָרט אויף דעם אָרט, וואוהין מיר זיינען געפֿאָהרען, און וועלכען איך וויל דאָ ניט אָנרופֿען.

איבעריגענס האָב איך געהערט ריידען פֿון טהאָמאַס גלאַהן, נאָך איידער איך האָב זיך מיט איהם געטראָפֿען, זיין נאָמען איז מיר ניט געווען אונבעקאַנט. כ'האָב געהערט, אַז ער איז געשטאַנען אין פֿערבינדונג מיט אַ יונגער נאָרד־לענדערין פֿון אַ רייכען הויז, און אַז ער האָט זי אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן קאָמפּראָמיטירט, דערפֿאַר האָט זי איהם געגעבען דעם וועג. אין זיין נאַרישער עקשנות האָט ער דאַן געשוואָרען, זיך נוקם צו זיין דערפֿאַר אָן זיך אַליין, און די דאַמע האָט איהם געלאָזט טהאָן, וואָס איהם האָט זיך געגלוסט, און זי האָט זיך ניט אָנגעהויבען קימערן וועגען דעם. פֿון דאַן אָן איז טהאָמאַס גלאַהן'ס נאָמען ערשט רעכט בעקאַנט געוואָרען, ער האָט אָנגעגעבען מעשׂים, ווי אַן אמת'ער משוגע'נער, ער פֿלעגט שכּור'ן, מאַכען סקאַנדאַלען, און ענדליך האָט ער זיך צוריקגעצויגען פֿון מיליטער. דאָס איז ווירקליך געווען אַ מאָדנער שטייגער, ווי אַזוי זיך נוקם צו זיין, דערפֿאַר וואָס מען האָט געקראָגען דעם וועג!

נאָך אַן אַנדער געשיכטע איז אַרומגעגאַנגען מכּח זיין פֿערהעלטניס צו דער יונגער דאַמע: אַז ער האָט זי מיט קיין שום זאַך ניט קאָמפּראָמיטירט, נאָר די פֿאַמיליע איהרע האָט איהם אַרויס-

זעיאָגט פֿון הויז, און אַז אויך זי האָט צוגעהאָלפֿען דערצו, מחמת אַ שוועדישער גראַף, וועמעס נאָמען איך וויל ניט אָנרופֿען, האָט זיך צו איהר גע'שדכן'ט. אָבער צו דער דאָזיגער געשיכטע האָב איך ווינציג וואָס צוטרוי און די ערשטע לייגט זיך מיר גיכער אויף'ן שכל, ווייל איך האָב דאָך פֿיינט טהאָמאַס גלאַהן'ן און איך האַלט איהם פֿעהיג אויף דאָס ערגסטע. נאָר ווי אַזוי דאָס זאָל זיין אָדער ניט זיין, ער אַליין האָט קיינמאָל ניט גערעדט מכח זיין פֿערבינדונג מיט דער אַריסטאָקראַטישער דאַמע, און איך האָב זיך אויך ניט נאָכגעפֿרעגט וועגען דעם. וואָס האָט דאָס געהאַט צו טהאָן מיט מיר?

בעת מיר זיינען געזעסען דאָרט אויף דעם טייך־שיפֿעל, האָבען מיר, אַזוי וויט ווי איך קען זיך דערמאָנען, ניט גערעדט פֿון קיין אַנדער זאַך, נאָר פֿון דעם דערפֿעל, וואוהין מיר זיינען געפֿאָהרען, און וואו קיינער פֿון אונז איז ביז דאַן ניט געווען.

„דאָרט דאַרף זיין אַ מין האָטעל," האָט זיך גלאַהן אָבגערופֿען און געקוקט אין דער לאַנד־קאַרט. „אַז מיר וועלען זיין מזל'דיג, וועלען מיר דאָרט פֿילייכט געפֿינען פּלאַץ; די בעל הבית'טע איז, ווי מען האָט מיר דערצעהלט, אַן אַלטע ענגלישע halfbreed, שטאַמט פֿון געמישטע עלטערן. דער הויפּטמאַן וואוינט אין צווייטען דאָרף, ניט וויט פֿון דאָרט, ער האָט, זאָגט מען, אַסך פֿרויען; עטליכע זיינען ערשט צעהן יאָהר אַלט."

מילא, איך האָב גאָרנישט געוואוסט וועגען דעם, צי דער הויפּט־מאַן האָט געהאַט אַסך פֿרויען, און צי ס'איז דאָ אַ האָטעל אין דאָרף, מחמת דעם האָב איך גאָרנישט געזאָגט; נאָר גלאַהן האָט געשמייכעלט, און זיין שמייכעל האָט געפֿונען חן אין מיינע אויגען.

יאָ, כ'האָב זיך פֿערגעסען צו דערמאָנען, אַז מען האָט איהם אויף קיין פֿאַל ניט געקענט רופֿען קיין שעהנעם מאַן, כאָטש ער האָט אַזוי גרויסאַרטיג אויסגעזעהן; ער האָט אַליין דערצעהלט, אַז ער האָט אַן אַלטע וואונד אויף'ן לינקען פֿוס, וואָס איז איהם געקו־מען פֿון אַ שאָס, און אַז ביי דער מינדעסטער ענדערונג פֿון'ם וועטער פֿלעגט איהם אָט די וואונד פֿערשאַפֿען שטאַרקע שמערצען.

---

## II.

אין אַ וואָך אַרום זיינען מיר שוין געשטאַנען קוואַרטיר ביי דער אַלטער ענגלישער halfbreed אין דער גרויסער כאַטע, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען „האָטעל". אַך! וואָס פאַר אַ האָטעל! די ווענד זיינען געוועזן פון ליים און אַביסעל האָלץ, און דאָס דאָזיגע האָלץ איז געווען צופרעסען פון די ווייסע מוראַשקעס, וועלכע זיינען אַרומגעד קראָכען איבעראַל. איך האָב געוואוינט לעבען דער גאַסטשטוב אין אַ צימער מיט אַ גרינעם פענסטער אַרויס אויף דער גאַס, איין איינציגע שויב, וועלכע איז ניט געווען זעהר קלאָהר, און גלאַהן האָט זיך אויס-געקליבען אַ גאַנץ קליינעם לאָך אויבען איבער'ן בוידים, אויך פון דאָרט האָט אַ גלעזערנע שויב אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס, נאָר דאָך איז דאָרטען געווען אַסך דונקעלער און ערגער צו וואוינען. די זונן האָט געברענט איבער דעם שטרויענעם דאַך, וואָס איז איהם ממש געלעג-גען אויף'ן קאָפ, און ביי איהם אין צימער איז טאָג און נאַכט געווען אונערטרעגליך הייס; דערצו איז נאָך קיין רעכטע טרעפ ניט געווען אַרויפצוגעהן צו איהם, נאָר אַ קלעגליכע שטיעג מיט פיער טרעפ-לאַך. וואָס האָב איך געקענט טהאָן דערצו? כ'האָב גלאַהן'ן געגעבען די ברירה, ער זאָל זיך אויסקלייבען, וואָס ער וויל, כ'האָב געזאָגט:

„דאָ זיינען צוויי צימערן, איינס אונטען און איינס אויבען, קלייבט זיך אויס!"

און גלאַהן האָט אָנגעקוקט די צוויי צימערן און האָט זיך אויס-געקליבען די אויבערשטע, אפשר טאַקע דערפאַר כדי מיר צו געבען דאָס בעסערע, נו איז וואָס? בין איך איהם פיליכט ניט געווען דאַנקבאַר דערפאַר? כ'בין איהם גאָרנישט שולדיג געבליבען.

אַזוי לאַנג ווי די ערגסטע היץ האָט אָנגעהאַלטען, האָבען מיר די יאַגד געלאָזט צורוה און זיך אויפגעהאַלטען ביי דער כאַטע; מחמת די היץ איז געווען איבער דער מאָס. ביינאַכט זיינען מיר גע־לעגען מיט דעם פליגען־נעץ אַרום בעטעל, צוליעב די פערשיעדענע אינזעקטען; נאָר ניט קוקענדיג דערויף פלעגט זיך דאָך מאַכען, אַז בלינדע פלעדער־מייז פלעגען זיך אַריינכאַפּען גאַנץ שטיל און מאַכען אַ חורבן פון אונזערע נעצען; מיט גלאַהן'ן פלעגט עס טרעפען צו אָפט, וואָרים צוליעב דער היץ האָט ער כסדר געמוזט האַלטען אָפען אַ קליין פענסטערל אין דאַך, נאָר מיט מיר האָט עס ניט פּאַסירט. ביי טאָג פלעגען מיר ליגען אויף ראָגאָזשעס אַרויס פון דער כאַטע און רויכערן און זיך צוקוקען צו דעם לעבען אין די אַנדערע שטיבער. די איינגעבוירענע זיינען געווען ברוינע מענשען מיט דיקע מיילער, אַלע מיט רינגען אין די אויערן און מיט טויטע, ברוינע אויגען; זיי זיינען כמעט געגאַנגען נאַקעט, בלויז מיט אַ פּאַס פון באַנוועל־שטאָף אָדער פון געפלאָכטענע בלעטער אַרום די לענדען, און די ווייבער האָבען אויסער דעם געהאַט אַ קורצען באַנוועלנעם מאַנטעל, כדי זיך דערמיט איינצוהילען. אַלע קינדער זיינען טאָג און נאַכט אַרומגעגאַנ־גען מוטער־נאַקעט, מיט גאַנץ גרויסע, אַרויסגעשטאַרטשעטע בייכער, וועלכע האָבען געגלאַנצט ווי אייל.

„די ווייבער זיינען צו פעט," האָט גלאַהן געזאָגט.

און איך האָב אויך געפונען, אַז די ווייבער זיינען צו פעט, און אפשר איז דאָס גאָר ניט געווען גלאַהן, נאָר איך, וואָס איז דער ערשטער געקומען אויף דעם דאָזיגען געדאַנק; אָבער איך אַמפּער זיך ניט מיט איהם דעריבער און בין איהם מוחל דעם כבוד. איבע־ריגענס זיינען גאָר ניט אַלע ווייבער געווען מיאוס, כאָטש זייערע פּנים'ער זיינען געווען פעט און אָנגעבלאָזען; איך האָב געטראָפען אַ מיידעל אין דאָרף, אַ יונג טאַמולען־מיידעל מיט לאַנגע האָר און שנעע־ווייסע ציינער, זי איז געווען די שעהנסטע פון אַלע. איין אָבענד האָב איך זי געפונען ביים ראַנד פון אַ רייז־פעלד, זי איז געלעגען אין די הויכע גראָז אויף'ן בויך און האָט געקלאַפּט מיט די פיס. זי האָט געקענט ריידען מיט מיר, און מיר האָבען געשמועסט צוזאַמען, אַזוי לאַנג ווי מיר האָט זיך געוואָלט; ס'איז שוין כמעט געווען

גרויסער טאָג, ווען מיר האָבען זיך צושיידט, און דאָ איז זי ניט געגאַנגען גלייך אַהיים, נאָר זי האָט זיך געמאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט גענעכטיגט אין דעם דערבייאיגען דאָרף. גלאַהן איז דעם זעלבען אָבענד געזעסען מיט צוויי יונגע מיידלאַך אין מיטען דאָרף ביי אַ קליין שטיבעל; די מיידלאַך זיינען געווען זעהר יונג, פּיליכט טאַקע ניט מעהר ווי צעהן יאָהר אַלט; מיט אָט די האָט ער זיך געשפּיעלט און געטרונקען רייז־ביער; דאָס איז געווען זיין געשמאַק.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען מיר אַרויס אויף דער יאַגד. מיר זיינען פערבייגעגאַנגען טהעע־גערטנער, רייז־פעלדער און גראָז־פּלעצער, מיר זיינען אַוועק ווייט פון דאָרף און געגאַנגען אין דער ריכטונג פון'ם טייך, און מיר זיינען אָנגעקומען אין וועלדער מיט וואונדערליכע, פרעמדע בוימער, באַמבוס, טאַמאַרינדען און זאַלצבוימער, אייל און גומי־געוויקסען, יאָ, וויים דער גוטער יאָהר, וואָס דאָס זיינען אַלץ געווען פאַר בוימער; מיר זיינען ביידע געווען גאַנץ קנאַפּע מבינים דערויף. נאָר אין טייך איז ניט געווען קיין סך וואַסער, און ביז רעגען־צייט פלעגט כסדר זיין ווייניג וואַסער אין איהם. מיר האָבען געשאָסען ווילדע טויבען און היהנער, און נאָכמיטאָג־צייט האָבען מיר געזעהן צוויי לעמפּערטען; אויך פּאַפּאַגייעס זיינען אַרומגעפלויגען איבער אונזערע קעפּ. גלאַהן האָט געשאָסען שרעקליך זיכער, ער האָט קיינמאָל ניט פערפעהלט זיין ציעל; אָבער דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זיין געוועהר איז געווען בעסער איידער מיינס; אָפטמאָל האָב איך אויך געשאָסען שרעקליך זיכער. איך האָב זיך קיינמאָל ניט בעריהמט דערמיט, נאָר גלאַהן פלעגט אָפט זאָגען: אָט דעם דאָ שיס איך אַריין אַ קויל אין עק, דעם פלעט איך דעם קאָפּ; דאָס פלעגט ער זאָגען, איידער ער האָט אָבגעדריקט, און אַז דער פויגעל איז אַרונטערגעפאַלען, האָבען מיר געזעהן, אַז ער האָט איהם ריכטיג געטראָפען אין עק אָדער אין קאָפּ. אַז מיר האָבען בעגעגענט די צוויי לעמפּערטען, האָט גלאַהן ניט אַנדערש נאָר געוואָלט אָנפאַלען אויף זיי מיט זיין שראָט־געוועהר; נאָר איך האָב איהם אָבגערעדט דערפון, ווייל ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פינסטער, און אונז איז בלויז געבליבען אַ פּאָר קוילען. דערמיט האָט ער זיך דערנאָך

בעריהמט, אַז ער איז געווען מוטהיג און האָט געוואָלט שיסען אויף לעמפּערטען מיט שראָט.

„עס פּערדריסט מיר, וואָס איך האָב נאָך אַלעם דעם דאָך ניט געשאָסען," האָט ער מיר געזאָגט. „פאַרוואָס זייט איהר אַזוי פּער־פלוכט פּאָרזיכטיג? וואָס זשע, איהר ווילט לאַנג לעבען?"

„עס פרעהט מיך, וואָס איהר האַלט מיך פאַר פּערנינפטיגער, איידער זיך אַליין," האָב איך געענטפערט.

„יאָ, אָבער לאָמיר זיך אַקאָרשט ניט צוקריגען איבער אַזאַ קליי־ניגקייט," האָט ער זיך אָבגערופען.

דאָס זיינען געווען זיינע ווערטער, און ניט מיינע; וואָלט ער זיך געוואָלט צוקריגען מיט מיר, מהיכי תיתי, פון מיינעטוועגען. ער האָט מיך אָנגעהויבען אָבשטויסען מיט זיינע לייכטזיניגע און פּער־פיהרערישע שטיק. נעכטען אָבענד בין איך גאַנץ רוהיג געקומען פון וועג מיט מיין פריינדין מאַגי, אוןביידע זיינען מיר געווען גוט אויפ־געלייגט. גלאַהן זיצט גראָד ביי דער כאַטע און בעגריסט אונז און שמייכעלט אונז צו, בעת מיר געהען פערביי; אָבער מאַגי האָט איהם צום ערשטען מאָל געזעהן און זי האָט זיך גענומען גאַנץ ניי־גיעריג נאָכפרעגען וועגען איהם. אַזאַ איינדרוק האָט ער געמאַכט אויף איהר, אַז מיר האָבען זיך גלייך געזעגענט און זיינען אַוועק אין פּער־שיעדענע זייטען; זי האָט מיך ניט בעגלייט אַהיים.

גלאַהן האָט עס געוואָלט מאַכען צו קליין־געלד, ווען איך האָב מיט איהם גערעדט וועגען דעם, אָקוראַט ווי עס וואָלט גאָר קיין שום בעדייטונג ניט געהאַט. אָבער איך האָב עס ניט פּערגעסען. אויך ניט צו מיר האָט ער דאָס געלאַכט און געשמייכעלט, בשעת מיר זיינען פערבייגעגאַנגען אונזער „האָטעל", נאָר צו מאַגי'ן.

„וואָס קייט זי דאָס שטענדיג?" האָט ער מיך געפרעגט.

„דאָס וויים איך ניט," האָב איך געענטפערט; „זי קייט, דערצו האָט זי דאָך צייהן אויף צו קייען."

און דעם אמת זאָגענדיג, איז דאָס פאַר מיר ניט געווען קיין שום נייעס, אַז מאַגי פלעגט כסדר קייען וואָס עס איז; דאָס האָב איך שוין פון לאַנג אָן געהאַט בעמערקט. אָבער זי האָט זיכער ניט גע־קייט קיין נאַשערייען, וואָרים איהרע צייהן זיינען געווען גאַנץ וויים;

דערפֿאַר אָבער האָט זי געהאַט די געוואוינהייט צו קייען אַלע אַנדערע זאַכען, זיי אַריינגעהמען אין מויל און קייען, גלייך עס וואָלט געווען עפּעס געשמאַקעס. וואָס עס איז ניט געווען, מטבעות, שטיקלאַך פּאַפּיר, פֿויגעל-פֿעדערן, — זי האָט אַלצדינג געקייט. אָבער יעדענפֿאַלס איז דאָס דאָך ניט געווען קיין גרונד, זי דערפֿאַר אַרונטערצוּוואַרפֿען און זיך אויסלאַכען פֿון איהר, וואָרים זי איז דאָך פֿונדעסטוועגען פֿאָרט געווען דאָס שעהנסטע מיידעל אין דאָרף; אָבער גלאַהן האָט מיך איינפֿאַך מקנא געווען, דאָס איז געווען די גאַנצע געשיכטע.

נאָר אויף מאָרגען אָבענד האָב איך זיך ווידער איבערגעבעטען **מיט מאַגי'ן, און גלאַהן'ן האָבען מיר אין די אויגען ניט אָנגעזעהן.**

---

## III.

אַ וואָך איז אַריבער; מיר זיינען יעדען טאָג אַרוים אויף דער יאַגד און האָבען געשאָסען אַ מאַסע פֿייגעל און חיות. איין פֿריה־מאָרגען, ווי מיר זיינען נור אַריינגעקומען אין וואַלד, האָט מיך גלאַהן אָנגענומען ביים אָרם און שטילערהייט געזאָגט: האַלט! אין דערזעל־בער רגע לייגט ער צו דעם ביקס צו דער באַק און שיסט אויס. ס'איז געווען אַ יונגער לעמפערט, אויף וועלכען ער האָט זיך געציעלט און געטראָפֿען. איך וואָלט איהם געקענט שיסען פונקט אַזוי גוט ווי ער, נאָר גלאַהן האָט זיך גענומען דעם כבוד און אויסגעשאָסען דער ערשטער. ווי ער וועט זיך דאָס איצט ווייטער בעריהמען! האָב איך זיך געטראַכט. מיר געהען צו צו דער געשאָסענער חיה, זי איז טויט, די לינקע זייט אויפֿגעריסען, און די קויל איז געזעסען אין רוקען.

כ'האָב פֿיינט, אַז מען נעהמט מיך אָן ביים אָרם, מחמת דעם האָב איך געזאָגט:

„אַזוי וואָלט איך אויך געקענט שיסען."

גלאַהן האָט מיך אָנגעקוקט.

רוף איך זיך ווידער אָב:

„וואָס זשע, איהר גלויבט אפשר ניט, אַז אַזאַ שאָס וואָלט איך אייך געקענט געבען?"

גלאַהן ענטפֿערט איצט אויך ניט. אָנשטאָט דעם ווייזט ער ווידער אַרוים זיין קינדעריי און שיסט נאָך אַמאָל אויף דעם טויטען לעמפערט, דאָס מאָל אין קאָפּ. כ'קוק איהם אָן מיט ערשטוינונג, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט פֿון הימעל אַראָבגעפֿאַלען.

„יאָ," רופֿט ער זיך אָב, „כ'וויל ניט, מען זאָל זאָגען אויף מיר, אַז איך האָב געטראָפֿען אַ לעמפערט אין דער זייט."

ס'איז געווען צופיעל פאַר זיין פוסטער גאוה, אַז ער האָט גע־געבען אַזאַ איינפאַכען שאָס; שטענדיג האָט ער געוואָלט זיין דער ערשטער. ווי קינדעריש ער איז דאָס געווען! נאָר דאָס איז ניט געווען מיין עסק, איך וואָלט איהם סיי ווי סיי ניט פערראַטהען.

אָבענד־צייט, אַז מיר זיינען אַריין צוריק אין דאָרף מיט דעם טויטען לעמפערט, האָבען מיר געפונען אַ מאַסע איינגעבוירענע, וועל־כע זיינען געקומען אָנקוקען די געשאָסענע חיה. גלאַהן האָט בלויז דערצעהלט, אַז מיר האָבען דעם לעמפערט אין דערפריה געשאָסען, און האָט זיך מעהר ניט בעריהמט דערמיט. מאַגי איז אויך געווען צווישען עולם.

„ווער האָט איהם געשאָסען?" האָט זי געפרעגט.

און גלאַהן האָט געענטפערט:

„דו זעהסט דאָך, צוויי קוילען; מיר האָבען איהם היינט אין דערפריה געשאָסען, באַלד ווי מיר זיינען אַריין אין וואַלד." און ער האָט אומגעדרעהט דעם טויטען קערפער פון דער חיה און איהר גע־וויזעןביידע שאָסען, דעם אין דער זייט אַזוי ווי דעם, וואָס אין קאָפּ. „דאָ איז אַריין מיין קויל," האָט ער געזאָגט און אָנגעוויזען אויף דעם שאָס אין דער זייט, מחמת אין זיין קינדעריי האָט זיך איהם פער־גלוסט מיר איבערצולאָזען דעם כבוד, אַז דאָס האָב איך איהם כלומר'שט געטראָפען אין קאָפּ. ס'האָט זיך ניט געלוינט דער עסק, צו זאָגען דעם אמת און איהם מוחל זיין דעם כבוד, און איך האָב עס טאַקע ניט געטהאָן. דאַן האָט גלאַהן אָנגעהויבען טראַקטירען די איינגעבוי־רענע, יאָ, ער האָט געגעבען יעדען איינעם, וואָס האָט נור לוסט גע־האַט צו טרינקען, אַזויפיעל וויפיעל ער האָט געוואָלט.

„זיי ביידע האָבען איהם געשאָסען," האָט מאַגי געזאָגט צו זיך אַליין, און האָט דאָך די גאַנצע צייט געקוקט בלויז אויף גלאַהן'ן.

כ'האָב זי אַוועקגעצויגען אָן אַ זייט און געזאָגט:

„פאַרוואָס קוקסט דו כסדר אויף איהם? שטעה איך דען ניט פונקט ווי ער לעבען דיר?"

„נו געווים," האָט זי געענטפערט. „און ווייסט דו וואָס: איך קום היינט ביינאַכט."

אויף מאָרגען איז דאָס געווען, ווען גלאַהן האָט געקראָגען יענעם בריעף. ס'איז איהם נעמליך אָנגעקומען אַ בריעף מיט אַ ספּעציעלען

שליח פֿון דער טייך־סטאַציאָן, און דער האָט געמאַכט אַן אומוועג פֿון הונדערט אַכציג מייל. דער בריעף איז געשריבען געוואָרען פֿון אַ פֿרויען־האַנד, און איך האָב געקלעהרט ביי זיך, ער קומט אפשר פֿון זיין פֿריהערדיגער פֿריינדין, דער אַריסטאָקראַטישער דאַמע. גלאַהן האָט זיך נערוועז צולאַכט, ווען ער האָט איהם דורכגעלייענט, און האָט נאָך געגעבען דעם שליח אַן עקסטראַ געלד־פּאַפּירעל, דערפֿאַר וואָס ער האָט איהם געבראַכט. נאָר ס'האָט ניט גענומען לאַנג, איז ער געוואָרען מרה־שחורה'דיג און האָט קיין אַנדער זאַך ניט געטהאָן, נאָר געשוויגען און געקוקט פֿאַר זיך. ביינאַכט האָט ער זיך אָנגע־שכור'ט אין דער קאָמפּאַניע פֿון אַן אַלטען אינדישען קאַרליק און זיין זוהן, ער האָט מיך אומאַרעמט און געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר איך זאָל מיט־טרינקען מיט זיי.

„איהר זייט היינט ביינאַכט אַזוי פֿריינדליך," האָב איך זיך אָב־גערופֿען.

דאָ האָט ער זיך צולאַכט גאַנץ הויך אויף'ן קול און געענטפֿערט:

„דאָ זיצען מיר אַלוא ביידע אין רעכטען מיטען אינדיען און שי־סען פֿייגעל און חיות, ניט אמת? איז דאָס ניט שרעקליך קאָמיש? אַ געזונד צו אַלע מלוכות און לענדער פֿון דער וועלט, און אַ געזונד צו אַלע שעהנע פֿרויען, פֿערהייראַטע און ניט־פֿערהייראַטע, פֿון וויט און פֿון נאָהענט. האָהאָ! שטעלט זיך אַקאָרשט פֿאָר אַ מאַן, וואָס אַ פֿרוי שרבן'ט זיך צו איהם, אַ פֿערהייראַטע פֿרוי!"

„אַ גרעפֿין!" האָב איך זיך אָבגערופֿען מיט אַ שפּאָטישען טאָן. כ'האָב עס געזאָגט מיט אַ זעהר שפּאָטישען טאָן, און דאָס האָט איהם וועה געטהאָן, ער האָט געוואויעט ווי אַ הונד, ווייל עס האָט איהם וועה געטהאָן. דאַן האָט ער פּלוצלינג פֿערקנייטשט דעם שטערן און אָנגעהויבען פּינטלען מיט די אויגען און גרינדליך בעקלעהרען, צי האָט ער ניט אַקאָרשט צופֿיעל גערעדט; אַזאַ וועזען האָט ער עס געמאַכט פֿון זיין קליינינטשקען סוד. אָבער אין דערזעלבער רגע זיינען געקומען צולויפֿען אַ גאַנצע מחנה פֿון קינדער צו אונז אין דער כאַ־טע און האָבען געשריען און געליאַרעמט; „אַ טיגער, אָהאָי, אַ טיגער!" גאַנץ נאָהענט לעבען דאָרף אויף דער אַנדער זייט טייך איז אַ קינד אָנגעפֿאַלען געוואָרען פֿון אַ טיגער.

דאָס איז געווען גענוג פֿאַר גלאַהן׳ן, וועלכער איז געווען אָנגע־טרונקען און אין אַ צוריסענעם געמיטה־צושטאַנד; ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן זיין ביקס און איז גלייך אַרויסגעלאָפֿען אַהין אויף׳ן אונגליקס־פּלאַץ; ער האָט אפילו קיין היטעל ניט געהאַט אויף׳ן קאָפּ. אָבער פֿאַרוואָס האָט ער עפּעס איצט גענומען דעם ביקס אָנשטאָט דעם שראָט־געוועהר, ווען ער איז ווירקליך געווען אַזוי מוטהיג? ער האָט געמווט דורכבראָדשען דעם טייך, וואָס איז ניט געווען אָהן געפֿאַהר, נאָר יעדענפֿאַלס איז דער טייך בּיז רעגען־צייט געווען כמעט טרוקען. אין אַ רגע אַרום האָב איך דערהערט צוויי שאָסען און טאַקע תיכף נאָכדעם נאָך אַ דריטען שאָס. דריי שאָסען פֿאַר איין חיה, האָב איך געקלערט ביי זיך; אַ לייב וואָלט פֿון צוויי שאָסען געפֿאַלען, און דאָס איז דאָך בלויז אַ טיגער! אָבער זאָגאַר אָט די דריי שאָסען האָבּען גאָרנישט געהאָלפֿען, דאָס קינד איז שוין געווען צוריסען און האַלב אויפֿגעפֿרעסען, בעת גלאַהן איז צוגעקומען אַהין; ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי שכור, וואָלט ער זיך אפילו ניט געפּרואווט עס רעטען.

די נאַכט האָט ער פֿערבראַכט אין אַ ווילדען, צולאָזענעם צו־שטאַנד אין דער צווייטער כאַטע, צוזאַמען מיט אַן אלמנה און איהרע צוויי טעכטער, גאָט וויים, מיט וועלכער פֿון זיי.

צוויי טעג נאָכאַנאַנד איז גלאַהן קיין איין איינציגע מינוט ניט געווען ניכטער, און ער האָט אויך געפֿונען אַ גאַנצע מאַסע קאָמפּאַנ־יאָנען ביים טרינקען. אומזיסט האָט ער מיך אויפֿגעפֿאָדערט, צו נעהמען אָנטהייל אין דער שכורים־אונטערהאַלטונג; ער האָט זיך שוין ניט שטאַרק אומגעקוקט אויף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, און האָט מיר אויפֿגעוואָרפֿען, אַז איך בין אייפֿערזיכטיג אויף איהם.

„אייער אייפֿערזוכט פֿערבלענדט אייך די אויגען," האָט ער געזאָגט· מיין אייפֿערזוכט! איך אייפֿערזיכטיג אויף איהם!

„נו, אָט האָסט דו דיר!" האָב איך זיך אָבגערופֿען, „אייפֿערזיכ־טיג אויף אייך! וואָס האָב איך דען צו זיין אייפֿערזיכטיג אויף אייך?"

„נו גוט, זייט איהר ניט אייפֿערזיכטיג אויף מיר," האָט ער גע־ענטפֿערט. „איבעריגענס בין איך היינט אָבענד געווען ביי מאַגי׳ן. זי האָט געקייט ווי געוועהנליך."

כ׳האָב אַרונטערגעשלונגען מיין ענטפֿער און בין אַוועקגעגאַנגען.

## IV.

מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן גײן אויף דער יאַגד. גלאַהן האָט געפֿיהלט, אַז ער האָט געגען מיר בעגאַנגען אַן אונרעכט און האָט דערפֿאַר געבעטען ביי מיר ענטשולדיגונג.

„איבעריגענס איז מיר די גאַנצע געשיכטע שרעקליך דערווידער," האָט ער געזאָגט ; „כ'וואָלט געוואונשען, איהר זאָלט אין אַ שעהנעם טאָג אויסשיסען אין אַ פֿאַלשער ריכטונג און מיר אַרייניאָגען אַ קויל אין האַלז." ס'קען זיין, אַז דער בריעף פֿון דער גרעפֿין האָט פֿון דאָס ביי אויפֿגעפֿלאַקערט ביי איהם אין זכרון, און איך האָב געענטפֿערט :

„ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי ליגט מען."

ער איז פֿון טאָג צו טאָג געוואָרען אַלץ פֿינסטערער און שווייגענדיגער, ער האָט שוין ניט געטרונקען און קיין וואָרט מעהר ניט גערעדט ; זיינע באַקען זיינען געוואָרען שטאַרק איינגעפֿאַלען.

איין טאָג האָב איך פּלוצלינג ביי מיין פֿענסטער דערהערט אַ געשפּרעך און אַ געלעכטער. כ'האָב אַרויסגעקוקט ; גלאַהן איז שוין ווידער געוועזן לוסטיג און געשטאַנען און גערעדט הויך אויף'ן קול מיט מאַגי'ן, ער האָט אָנגעווענדט אַלע זיינע פֿערפֿיהרערישע קונץ־שטיק. מאַגי האָט אַודאי געמוזט קומען דירעקט פֿון דערהיים, און גלאַהן האָט זי אָבגעוואַרט. זיי האָבען זיך אפילו גאָר ניט מישב געוועזן, צי ס'איז גלייך צי ניט, און האָבען זיך אַוועקגעשטעלט ריידען ביי מיר אונטער דער סאַמע שויב פֿון מיין פֿענסטער.

כ'האָב געפֿיהלט אַ שוידער אין אַלע גליעדער און האָב אָנגעשטעלט אויף זיי מיין ביקס, נאָר כ'האָב ניט אָבגעדריקט. כ'בין אַרויס אויף'ן פּלאַץ און האָב אָנגענומען מאַגי'ן ביים אָרם. שווייגענדיג זיינען

מיר אַוועק איבער'ן דאָרף; גלאַהן איז גלייך פערשוואונדען אין ער באַטע.

„פאַרוואָס רעדסט דו שוין ווידער מיט איהם?" האָב איך אַ פרעג געטהאָן מאַגי'ן.

זי האָט ניט געענטפערט.

איך בין געווען שרעקליך פערצווייפעלט, מיין האַרץ האָט אַזוי שטאַרק געקלאַפט, אַז איך האָב קוים געקענט אָבכאַפּען דעם אָטהעם. קיינמאָל איז מאַגי ביי מיר אין די אויגען ניט געווען אַזוי שעהן ווי דאַן; כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהן אַ ווייס מיידעל, אַזוי שעהן ווי זי, און דערפאַר האָב איך גאָר פערגעסען, אַז זי איז אַ טאַמולען־מיידעל און איך האָב אָן אַלצדינג פערגעסען צוליעב איהר.

„ענטפער מיר," האָב איך געזאָגט, „פאַרוואָס רעדסט דו מיט איהם?"

„ער געפעלט מיר בעסער," האָט זי געענטפערט.

„וואָס זשע, ער געפעלט דיר בעסער ווי איך?"

„יאָ."

נו, ער איז איהר געפעלען בעסער ווי איך, כאָטש איך האָב, דוכט זיך, גאַנץ גוט געקענט בעשטעהן מיין שטעטעל אַנטקעגען איהם! וואָס זשע, בין איך דען ניט אימער געווען פריינדליך מיט איהר, האָב איך איהר דען ניט געהאַלטען אין איין געבען געלד און מתנות? און וואָס האָט ער געטהאָן?

„ער מאַכט חוזק פון דיר, ער זאָגט, דו קייסט," האָב איך זיך אָבגערופען.

דאָס האָט זי תחילת ניט פערשטאַנען, און איך האָב עס איהר בעסער ערקלעהרט, אַז זי האָט אימער די געוואוינהייט, אַלצדינג אַריינצונעהמען אין מויל און קייען, און אַז גלאַהן מאַכט זיך דערפאַר לוסטיג איבער איהר. דאָס האָט געמאַכט אויף איהר אַ גרעסערן איינדרוק, איידער אַלעס אַנדערע, וואָס איך האָב געזאָגט.

„הער זיך צו, מאַגי," האָב איך ווייטער געזאָגט, „דו זאָלסט זיין מיינע אויף שטענדיג; ווילסט דו דאָס ניט? כ'האָב זיך איבערלייגט און עס איז ביי מיר געבליבען, דו זאָלסט מיטקומען מיט מיר, ווען איך וועל אָברייזען פון דאַנען; איך וועל חתונה האָבען מיט דיר,

דו הערסט ? און מיר וועלן אַוועקפֿאָהרען צו מיר אין מיין היים־לאַנד און דאָרט וואוינען. דאָס ווילסט דו דאָך ?"

און דאָס האָט אויך געמאַכט אַן איינדרוק אויף איהר. מאַגי איז געוואָרען לעבעדיג און האָט גערעדט מיט מיר זעהר פֿיעל אויף דעם שפּאַציר־גאַנג. גלאַהן'ן האָט זי בלויז איין מאָל דערמאָנט, זי האָט געפֿרעגט :

„און גלאַהן וועט, הייסט עס, מיטקומען מיט אונז, ווען מיר וועלען אַוועקפֿאָהרען ?"

„ניין," האָב איך געענטפֿערט, „ער וועט ניט מיטפֿאָהרען. וואָס זשע, דאָס פֿערדריסט דיך ?"

„ניין, ניין," האָט זי האַסטיג געענטפֿערט, „ס'טהוט מיר הנאה, וואָס ער פֿאָהרט ניט מיט."

מעהר האָט זי וועגען איהם ניט געזאָגט, און איך האָב זיך גע־פֿיהלט בערוהיגט. אויף מיין פֿערלאַנג איז אויך מאַגי מיט מיר גע־גאַנגען אַהיים צו אונז אין הייזעל.

אין אַ פּאָר שעה אַרום, ווען זי איז אַוועק פֿון מיר, האָב איך אַרויפֿגעקלעטערט די שטיעג צו גלאַהן'ן אין צימער און אָנגעקלאַפּט אָן דער דינער טהיר. ער איז געוועזען אין דערהיים. כ'האָב געזאָגט :

„איך קום אייך זאָגען, אַז מיר וועלען מאָרגען פֿילייכט ניט געהן אויף דער יאַגד."

„פֿאַרוואָס ניט ?" האָט גלאַהן געפֿרעגט.

„ווייל איך קען ניט ערב זיין, אַז איך וועל ניט שיסען אין אַ פֿאַל־שער ריכטונג, אַז איך וועל אייך ניט אַרייניאָגען אַ קויל אין האַלז."

גלאַהן האָט ניט געענטפֿערט, און איך בין צוריק אַרונטערגע־גאַנגען. נאָך אָט דער וואָרנונג וועט ער זיך אַודאי ניט דערוועגען מאָרגען אַרויסצוגעהן אויף דער יאַגד, האָב איך געקלעהרט ביי זיך ; אָבער פֿאַרוואָס האָט ער מאַגי'ן פֿערנאַרט אונטער מיין פֿענסטער און זיך אַמוזירט מיט איהר ? פֿאַרוואָס פֿאָהרט ער ניט אַהיים, אויב דער בריעף רופֿט איהם ווירקליך צוריק ? אָנשטאָט דעם געהט ער אָפּט אַרום און פֿערבייסט מיט די צייהן און שרייט : „קיינמאָל ניט ! קיינ־מאָל ניט ! גיכער וועל איך זיך לאָזען צושניידען אויף שטיקלאַך !"

אָבער גאַנץ פֿריה, נאָכדעם ווי איך האָב איהם ביי נאַכט געגעבען

די וואָרנונג, איז גלאַהן פונדעסטוועגן פאָרט געשטאַנען ביי מיין בעט און מיך געוועקט און גערופן:

„שטעהט אויף, שטעהט אויף, קאַמעראַד! ס'איז אַ גרויסאַרטיג וועטער, מיר מוזען עפּעס שיכען. איבעריגענס איז דאָס געווען דום, וואָס איהר האָט נעכטען ביינאַכט געזאָגט."

ס'איז ניט געווען שפּעטער ווי פיער אַזייגער, אָבער איך בין גלייך אויפגעשטאַנען און האָב זיך צוגעגרייט מיטצוגעהן מיט איהם, ווייל ער האָט זיך אַזוי אויסגעלאַכט פון מיין וואָרנונג. כ'האָב אָנגעלאָדען מיין ביקס, איידער איך בין אַרויס פון שטוב, און איך האָב איהם געלאָזט שטעהן און צוקוקען, ווי איך טהו עס. דערצו נאָך איז דאָס גאָר ניט געווען אַזאַ גרויסאַרטיג וועטער, ווי ער האָט געזאָגט, ס'האָט גערעגענט, און דערמיט האָט ער מיך נאָך מעהר געמאַכט צום נאַר; אָבער איך האָב זיך געמאַכט כלא ידע און בין שווייגענדיג מיטגעגאַנגען מיט איהם.

דעם גאַנצען טאָג האָבען מיר זיך אַרומגעדרעהט אין די וועלדער, יעדער איינער מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. מיר האָבען גאָרנישט געשאָסען, איין פויגעל נאָך'ן אַנדערן, איין חיה נאָך דער צווייטער האָבען זיך אַרויסגעמאַכט פון אונז, ווייל מיר האָבען געטראַכט וועגען אַנדערע זאַכען און ניט אין זינען געהאַט די יאַגד. אַרום מיטאָג-צייט האָט זיך גלאַהן אָנגעהויבען אַרומדרעהן לעבען מיר, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט מיר געבען נאָך אַ בעסערע געלעגענהייט צו טהאָן מיט איהם, וואָס איך האָב געוואָלט; ער איז געגאַנגען גאַנץ האַרט לעבען דעם מויל פון מיין ביקס, אָבער איך האָב אויך דעם דאָזיגען שפּאָט אַריבערגעטראָגען. אָבענד-צייט זיינען מיר צוריקגעגאַנגען אַהיים, קיין זאַך איז ניט געשעהן. איך האָב געקלערט ביי זיך: פיללייכט וועט ער איצט זיין פאָרזיכטיג און לאָזען מאַגי'ן צורוה!

„דאָס איז געווען דער לייגסטער טאָג פון מיין לעבען," האָט גלאַהן געזאָגט, בעת מיר זייגען געשטאַנען ביי דער טהיר פון אונזער האָטעל."

מעהר האָבען מיר ניט גערעדט איינער מיט'ן אַנדערן.

עטליכע טעג נאָכאַנאַנד איז ער געווען שטאַרק מרה שחורה'דיג,

אַט אַפּנים אַלץ צוליעב דעם זעלבען בריעף. „איך האַלט עס גאָר ניט אויס, ניין, איך האַלט עס גאָר ניט אויס!" האָט ער צייטענווייז ביינאַכט געזאָגט; ס'האָט אָבגעקלונגען איבער'ן גאַנצען הייזעל, און מיר האָבען עס אַלע געהערט. זיין דערשלאָגענקייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער פלעגט אפילו ניט ענטפערן די בעל הבית'טע אונזערע אויף איהרע פריינדליכע פראַגען, און ער פלעגט זאָגאַר מורא'דיג קרעכצען פון שלאָף. זיין געוויסען מוז איהם אַודאי פלאָגען איבער וואָס עס איז, האָב איך געטראַכט; אָבער פאַרוואָס פאָהרט ער ניט אַהיים? זיין שטאָלץ דערלאָזט איהם ניט דערצו, ער וויל ניט זיין דער, וואָס קומט צוריק, ווען מען האָט איהם איין מאָל געוויזען דעם וועג...

איך פלעג זיך טרעפען יעדען אָבענד מיט מאַגי'ן, און גלאַהן האָט שוין מעהר מיט איהר ניט גערעדט. כ'האָב בעמערקט, אַז זי האָט אויפגעהערט צו קייען; זי האָט לחלוטין מעהר ניט געקייט, און איך האָב זיך געפרעהט דערמיט און געקלעהרט ביי זיך: זי קייט שוין מעהר ניט, דאָס איז איין פעהלער ווייניגער, און איך האָב זי דערפאַר נאָך אַמאָל אַזוי ליעב! איין טאָג האָט זי זיך נאָכגעפרעגט אויף גלאַהן'ן; זי האָט זיך נאָכגעפרעגט זעהר פאָרזיכטיג. צי איז ער ניט געזונד? צי איז ער אַוועקגעפאָהרען?

„אויב ער איז ניט אַוועקגעפאָהרען אָדער גאָר געשטאָרבען," האָב איך געענטפערט, „ליגט ער אַודאי ביי זיך אין דערהיים. מיר איז דאָס אַלצאיינס. ס'איז שוין מעהר ניט אויסצוהאַלטען פון איהם."

נאָר אין דערזעלבער רגע געהען מיר פערביי אונזער כאַטע, ערשט מיר דערזעהען גלאַהן'ן; ער איז געלעגען אויף אַ ראָגאָזשע, מיט די הענד אונטער'ן נאַקען, און האָט אַרויפגעקוקט צום הימעל.

„אָט ליגט ער דאָך," האָב איך זיך אָבגערופען.

מאַגי איז גלייך צוגעגאַנגען צו איהם, איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט זי אָבצוהאַלטען דערפון, און מיט אַ פרעהליכער שטימע האָט זי געזאָגט:

„כ'קיי שוין מעהר ניט, זעהט איהר! ניט קיין פעדערן, ניט קיין געלד, ניט קיין שטיקלאַך פאַפיר, כ'קיי מעהר גאָרנישט."

גלאַהן האָט קוים אַ קוק געטהאָן אין איהר זייט און איז זיך געבליבען ליגען שטיל אויף אַן אָרט; נאָר מאַגי און איך זיינען אַוועק

אז איך האָב איהר פאָרגעהאַלטען דערפאַר וואָס זי האָט געבראָכען איהר וואָרט און ווידער גערעדט מיט גלאַהן'ן, האָט זי געענטפערט, אַז זי האָט איהם בלויז געוואָלט אַוועקגעבען אַ גאָב, ער זאָל מעהר ניט זאָגען דאָס, וואָס איז ניט ריכטיג.

„יאָ, דאָס איז גוט, גיב איהם אַוועק אַ גאָב," האָב איך געזאָגט; „אָבער דו האָסט דען צוליעב איהם אויפגעהערט צו קייען?"

זי האָט ניט געענטפערט. וואָס זשע, זי וויל, הייסט עס, ניט ענטפערן?

„דו הערסט? ענטפער, איז דאָס געווען צוליעב איהם?"

„ניין, ניין," האָט זי זיך ענדליך אָבגערופען, „סאיז געווען צוליעב דיר."

און איך האָב זיך גאָר אַנדערש ניט געקענט פאָרשטעלען. פאַר־וואָס האָט זי דען געוואָלט טהאָן עפּעס צוליעב גלאַהן'ן?

ביינאַכט האָט מאַגי פערשפראָכען צו קומען צו מיר, און זי איז טאַקע געקומען אויך.

---

## V.

זי איז געקומען] אַרום צעהן אַזייגער, כ'האָב געהערט איהר שטימע אויף דרויסען, זי האָט גערעדט הויך מיט אַ קינד, וואָס זי האָט געפֿיהרט ביי דער האַנד. פֿאַרוואָס איז זי ניט אַריינגעקומען, און נאָך וואָס האָט זי מיטגעבראַכט דאָס קינד מיט זיך. איך קוק אַרויס צו איהר, און דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס, אַז דאָס גיט זי אַ סיגנאַל, ריידענדיג אַזוי הויך מיט'ן קינד; איך זעה אויך, אַז איהר בליק איז געווענדט צום בוידים, אויף גלאַהן'ס פֿענסטער. צי האָט ער איהר ניט אַקאָרשט הינטער דער שויב צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אָדער צוגעוואונקען, בשעת ער האָט געהערט, ווי זי רעדט? על כל פנים האָב איך פֿערשטאַנען, אַז מען דאַרף ניט אַרויפֿקוקען אויבען, ווען מען רעדט צו אַ קינד אונטען אויף דער ערד.

כ'האָב געהאַט בדעה, אַרויסגעהן צו איהר און זי אָננעהמען ביים אָרם; אָבער אין דערזעלבער רגע האָט זי אָבגעלאָזט די האַנד פֿון'ם קינד, זי האָט עס געלאָזט שטעהן ביי דער טהיר און אַליין האָט זי זיך געלאָזט אַריינגעהן צו אונז אין הייזעל. נו, ענדליך קומט זי, האָב איך זיך געטראַכט; כ'וועל איהר שוין אַוועקגעבען אַ גאָב ווי געהעריג איז, זאָל זי נור אַריינקומען!

אַצונד שטעה איך און הער, ווי מאַגי געהט אַריין אין קאָרידאָר, כ'האָב לחלוטין קיין טעות ניט, זי איז שוין גאַנץ נאָהענט לעבען מיין טהיר. נאָר אָנשטאָט אַריינצוקומען צו מיר, הער איך גאָר איהרע טריט איבער דער שטיג, אַרויף צום בוידים, אין גלאַהן'ס לאָך, כ'הער עס גוט. כ'עפֿען האַסטיג פֿונאַנדער מיין טהיר, אָבער מאַגי איז שוין אויבען, די טהיר שליסט זיך צו הינטער איהר, און איך הער מעהר גאָרנישט.

דאָס איז געווען צעהן אַזייגער.

כ'געה צוריק אַרונטער צו מיר אין צימער און זעץ זיך אַנידער, כ'נעהם מיין ביקס און לאָד איהם אָן, כאָטש עס איז אין מיטען נאַכט. אַרום צוועלף אַזייגער געה איך ווידער אַרויף אויף די טרעפּלאַך און הער זיך צו הינטער גלאַהן'ס טהיר, כ'הער מאַגי'ס שטימע אינעווייניג, כ'הער, אַז זי איז גוט־פריינד מיט גלאַהן'ן, און איך געה ווידער אַרונ־טער. אום איינס אַזייגער געה איך ווייטער אַרויף, אַלעס איז שטיל. כ'וואַרט ביי דער טהיר, ביז זיי וועלען זיי אויפכאַפּען, ס'ווערט דריי אַזייגער, ס'ווערט פיער, און אַז עס איז געוואָרען פינף האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. דאָס איז גוט! האָב איך ביי זיך געקלעהרט, און איך האָב פון קיין שום אַנדער זאַך ניט געטראַכט, נאָר אַז זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט, און אַז דאָס איז זעהר גוט. אָבער גלייך נאָכדעם האָב איך דערהערט אַ ליאַרם און אַ גערודער אונטען אין הייזעל, פון דער בעל הבית'טעס צימער, און איך האָב געמוזט שנעל אַרונטערלויפען, כדי זי זאָל מיך ניט געפינען דאָרט אויף דער שטיעג. גלאַהן און מאַגי זיינען שוין זיכער געווען אויף, און איך וואָלט נאָך געקענט פיעל מעהר הערען, כ'האָב אָבער געמוזט אַרונטערגעהן.

אין קאָרידאָר האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: אָט זעה, דאָ איז זי געגאַנגען, זי האָט אָנגעריהרט מיין טהיר מיט'ן אָרם, נאָר זי האָט אָט די טהיר ניט געעפענט, זי איז אַרויף מיט דער שטיעג, און דאָ איז דאָך טאַקע די שטיעג, אָט די פיער טרעפּלאַך איז זי אַרויפגעגאַנגען.

מיין בעט איז נאָך געשטאַנען פערבעט, און איך האָב זיך אויך איצט שוין ניט געלייגט שלאָפען, נאָר איך האָב זיך אַנידערגעזעצט ביים פענסטער און אַרומגעפאָהרען מיט דער האַנד איבער מיין ביקס. מיין האַרץ האָט ניט געשלאָגען, ס'האָט געציטערט.

אין אַ האַלבע שטונדע אַרום האָב איך ווידער געהערט מאַגי'ס טריט אויף די טרעפּלאַך. איך זיץ ביי דער שויב פון מיין פענסטער און זעה, ווי זי געהט אַרויס פון דער כאַטע. זי איז געגאַנגען אָנגע־טהאָן אין רעם קליינעם, קורצען באַנוועלנעם קלייד, וואָס האָט איהר זאָגאַר ניט געגרייכט ביז די קניע, און אַרום די שולטערן האָט זי געהאַט אַ וואָלען טיכעל, וואָס זי האָט אַנטליהען ביי גלאַהן'ן. ווייטער איז זי געווען אין גאַנצען נאַקעט, און דאָס באַנוועלנע קליידעל איז געווען שטאַרק צוקנייטשט. זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, ווי איהר שטיי־

ער איז געווען, און האָט אויך איצט אפילו קיין קוק ניט געטהאָן אויף מיין פענסטער. דאַן איז זי פערשוואונדען הינטער די הייזלאַך־ גלייך נאָכדעם איז גלאַהן אַרונטערגעקומען, מיט'ן ביקס אונ־ טער'ן אָרם, פאָלשטענדיג גרייט צו דער יאַגד. ער איז געווען פינס־ טער און האָט מיך ניט בעגריסט. נאָר דערפאַר האָט ער זיך גאָר אויף אַן אונגעוועהנליכען אופן אויסגעפוצט. ער האָט זיך אויסגעפוצט ווי אַ חתן, האָב איך ביי זיך געקלעהרט.

אין אַ רגע האָב איך זיך געמאַכט פאַרטיג און בין אַרויס מיט איהם, און קיינער פון אונז האָט ניט גערעדט. די צוויי ערשטע היהנער, וועלכע מיר האָבען געשאָסען, האָבען מיר שרעקליך צוריסען אין שטיקער, ווייל מיר האָבען געשאָסען מיט'ן ביקס, אָבער מיר האָבען זיי אונטער אַ בוים אָבגעבראָטען, אַזוי גוט ווי עס האָט זיך געלאָזט, און זיי אויפגעגעסען שטילערהייט, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. אַזוי איז אַריבער די צייט ביז צוועלף אַזייגער.

גלאַהן האָט זיך אָבגערופען צו מיר:

„וואָס זשע, איהר זייט זיכער, אַז אייער ביקס איז געלאָדען? מיר קענען פיליכט אָנטרעפען עפּעס אונערוואַרטעטעס. לאָדט אָן אויף יעדען פאַל."

„מיין ביקס איז געלאָדען," האָב איך איהם געענטפערט.

דערנאָך איז ער אויף אַ רגע פערשוואונדען הינטער אַ קוסטאַר־ ניק. וואָס פאַר אַ פרייד דאָס וואָלט געווען פאַר מיר איהם צו שי־ סען, איהם צו דערשיסען ווי אַ הונד! ס'האָט דאָך צייט, ער קען זיך דערווייל פרעהען מיט דעם געדאַנק, און ער האָט דאָך גאַנץ דייטליך געזעהן, וואָס איך האָב אין זינען, דערפאַר האָט ער דאָס געפרעגט, צי מיין ביקס איז געלאָדען. אפילו היינט האָט ער זיך ניט געקענט בעפרייען פון זיין פוסטער גאוה, ער האָט זיך אויסגעפוצט און אָנגעטאָהן אַ נייע העמד; זיין מיענע איז געווען אויסערגעוועהנליך שטאָלץ.

אַרום איינס אַזייגער בלייבט ער שטעהן פאַר מיר בלאַס און צאָרנדיג און זאָגט:

„ניין, איך האַלט עס ניט אויס! גיט אַקאָרשט אַ קוק, צי איהר האָט אָנגעלאָדען, מענש וואָס איהר זייט, צי איהר האָט וואָס עס איז אין ביקס."

„הערט אויס, טאָמער וואָלט איהר זיך געקימערט וועגען אייער

אייגענעם ביקס," האָב איך געענטפֿערט. נאָר איך האָב גאַנץ גוט גע־וואוסט, פֿאַרוואָס ער האָט ניט אויפֿגעהערט זיך נאָכפֿרעגן אויף מיין ביקס.

און ער איז ווידער אַמאָל אַוועק פֿון מיר. מיין ענטפֿער האָט איהם אַזוי געטראָפֿען, אַז ער איז געוואָרען ווייך און אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, בעת ער אי אַוועקגעגאַנגען.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געשאָסען אַ טויב און ווידער אָנ־געלאָדען. אין דער צייט וואָס איך בין געווען פֿאַרנומען דערמיט, שטעהט גלאַהן פֿאַרשטעקט הינטער אַ בוים און קוקט אויף מיר און גיט אַכטונג, צי איך לאָד ווירקליך אָן דעם ביקס, און גלייך נאָכדעם הויבט ער אָן גאַנץ הויך און דייטליך צו זינגען אַ קירכען־ליעד, און דאָס איז זאָגאַר געווען אַ קירכען־ליעד, וואָס מען זינגט ביי אַ חתונה. ער זינגט חתונה־ליעדער און טהוט זיך אָן דעם בעסטען קאָסטיום זיינעם, האָב איך זיך געטראַכט, אזוי אַזאַ'ן אופן מיינט ער אַלזאָ היינט צו פּראַווען זיינע פֿערפֿיהרערישע שטיק. נאָך איידער דאָס ליעד איז געווען צו ענד, האָט ער אָנגעהויבען געהן לאַנגזאַם, מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ צו מיר צו, און געהענדיג האָט ער נאָך אַלץ געזונגען. ער האָט זיך ווידער געהאַלטען גאַנץ נאָהענט צו מיין ביקס, גלייך ער וואָלט זיך געטראַכט: נו יאָ, זעהט, אָט וועט עס אַלזאָ געשעהן, דערפֿאַר זינג איך איצט אָט דאָס חתונה־ליעד! אָבער עס איז נאָך דע־ווייל גאָרנישט געשעהן, און אַז ער איז אַנשוויגען געוואָרען, האָט ער זיך געמוזט אומקוקען אין מיין זייט.

„מיר שיסען דאָך היינט גאָרנישט," האָט ער זיך אָבגערופֿען און אַ שמייכעל געטהאָן, כדי זיך פֿאַר מיר צו פֿערענטפֿערן, פֿאַר וואָס ער האָט געזונגען אויף דער יאַגד. אָבער זאָגאַר אין דער דאָ־זיגער רגע איז זיין שמייכעל געווען שעהן, מיר האָט זיך געדוכט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אינעווייניג אין זיך געוויינט, און די ליפּען זיינע האָבען ווירקליך געציטערט, כאָטש ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער קען שמייכלען אין דעם דאָזיגען ערנסטען מאָמענט.

איך בין ניט קיין פֿרויען־צימער, און ער האָט גאַנץ גוט גע־זעהן, אַז ער האָט אויף מיר קיין שום רושם ניט געמאַכט; ער איז געוואָרען אונגעדולדיג, בלייך, ער האָט זיך אַרומגעדרעהט אַרום מיר מיט אונרוהיגע טריט, אָט איז ער געווען לינקס, אָט רעכטס פֿון

מיר, און ווען ניט ווען איז ער געבליבען שטעהן און האָט געוואַרט אויף מיר. אַרום פֿינף אַזייגער האָב איך פלוצלינג דערהערט אַ קנאַל, און אַ קויל איז מיט אַ פֿייף דורכגעפֿלויגען פֿערביי מיין לינקען אויער. כ'גיב אַ קוק, גלאַהן שטעהט עטליכע טריט ווייט פֿון מיר און קוקט מיך אָן, זיין רויכענדען ביקס האַלט ער אין אָרם. וואָס זשע, ער האָט מיך, הייסט עס, געוואָלט דערשיסען? כ'האָב געזאָגט:

„איהר האָט פֿערפֿעהלט אייער ציעל; זינט אַ שטיקעל צייט שיסט איהר שלעכט."

אָבער ער האָט ניט געשאָסען שלעכט, ער האָט קיינמאָל ניט פֿערפֿעהלט זיין ציעל, ער האָט מיך בלויז געוואָלט אויפֿרייצען.

„טאָ זייט זיך דאָך וויניגסטענס נוקם אָן מיר, צום טייוועל!" האָט ער אַ געשריי געטהאָן.

„ווען מיין צייט וועט קומען," האָב איך געענטפֿערט און פֿער־ביסען די צייהן.

מיר שטעהען און קוקען זיך אָן איינער דעם אַנדערן, און פלוצ־לינג טהוט גלאַהן אַ ציה מיט די אַקסלען און שרייט מיר אַריבער גלייך אין פנים אַריין: „פֿייגלינג!" וואָס האָט ער מיך געהאַט צו רופֿען פֿייגלינג? כ'האָב אַ ריס געטהאָן מיין ביקס אָן דער באַק, איהם געצילעוועט גלייך אין געזיכט און אָבגעדריקט.

ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי ליגט מען......

אָבער איצט דאַרף די פֿאַמיליע גלאַהן מעהר ניט זוכען אָט דעם מענשען, עס רעגט מיך אויף בסדר צו טרעפֿען אָט די נאַריישע אַנאָנסע מכח אַזאַ און אַזאַ הויכער בעלוינונג פֿאַר נאַכריכטען איבער אַ טויטען. טהאָמאַס גלאַהן איז געשטאָרבען דורך אַן אונגליקס־פֿאַל, דורך אַ צופֿעליגען שאָס אויף דער יאַגד אין אינדיען. דאָס געריכט האָט פֿערצייכענט זיין נאָמען און זיין סוף אין אַ פּראָטאָקאָל־בוך מיט דורכגעשאָסענע בלעטער, און אין דעם דאָזיגען פּראָטאָקאָל־בוך שטעהט, אַז ער איז טויט, יאָ, זאָגאַר אַז ער איז געשטאָרבען דורך אַ צופֿעליגען שאָס.

---